# זינגען מיר

## פאַר שלום




96

נעמט מיט דאָס ביכל צו זינגען ביי אייערע
אונטערנעמונגען

פּאָפּולערע מעלאָדיעס פאַר יעדן ליד איז אָנגעצייכנט
אונטער די קעפּלאַך


SAM LIPTZIN BOOK COMMITTEE

2815 Barker Avenue,
Bronx, N. Y. 10467

## א גוט יום־טוב אַלע כאָרן — פון סעם ליפּצין

ווען דער כאָר ברענגט זיין געזאַנג צום פאָלקס אויער,
איז דאָס ניט בלויז מוזיק, נאָר דערהויבנדיגע רייד.
צעצינדן זיך פייערלעך אין אויגן ביי מענטשן,
און הערצער ווערן אָנגעפילט מיט לויטערע פרייד.

יעדער זינגער גיט צושטייער די שטים, ווי די סטרונע צום פידל.
זינגט אויפריכטיג מיט קדושה, ערלעך און פרום.
עס דאַכט זיך: אַלץ טאַנצט פון גליק און הנאה,
אַלץ בליט, ווי אַ דופטיגע בלום.

עס קלינגט דאָס געזאַנג מיט אַנדערע טענער,
די בינע קוקט־אויס ווי בלומען אין פעלד.
פון די לידער שיינט־אַרויס דער מענטש פון אַרבעט,
דער בויער, דער שאַפער, דער העלד.

איז — בראַוואָ, זינגער און דיריגענטן!
זאָלן אייערע שטימען דינען און קיינמאָל ניט זיין מיד.
ביז ס׳וועט אויפגיין דער טאָג פון אַלוועלטלעכן שלום —
און עס וועט באַקומען אַ תיקון אייער רוף דורך ליד!

:: :: ::

### ווי זאָגט דער פעטער שעפּסל

דאָס שטעקעלע ביים דיריגענט האָט, פאַרשטייט זיך, צוויי עקן: מוזיק קאָן פאַרווייגן — און מוזיק קאָן אויך וועקן...

שיין געזאַנג קאָן ניט נאָר דערהויבן און וועקן, נאָר — שפּיגלט אויך אָפּ פרייד און לייד פון דער צייט...

ביי אויפריכטיגע זינגער קומט דאָס געזאַנג פון הארצן און — דערגרייכט צו די הערצער פון פאָלק...

ווען אַ גרופּע רעדט צוזאַמען — מיינט עס טומלען, נאָר ווען מען זינגט צוזאַמען, איז עס ווי אַ סימפאָניע...

דאָס דיריגענט־שטעקעלע ביים דיריגענט אין האַנט — איז די מאַפּע. דער וועגווייזער פאַר די זינגער...

פאַלשע טענער אין מוזיק זיינען ווי פאַלשע רייד פון פּאָליטיקער — זיי גרילצן אין די אויערן און פירן אַראָפּ פון וועג...

אויב די וועלט איז אַ בינע, וואָלט געווען אינטערעסאַנט, אַז דער בינע־פאַרוואַלטער זאָל כאַפּן אַ קוק, וואָס עס טוט זיך הינטער די קוליסן?...

דאָס גוטע קעמפנדיגע ליד גיט מוט און פרייד, און — העלפט אין נויט און אין קאַמף פאַר ברויט!...

אַן אַלט פאָלקס־ליד, איז ווי אַן אַלטע באָבע — וואָס עלטער זי ווערט, אַלץ ליבער ווערט זי...

# אינהאַלט

# ZOG NIT KEINMOL

*Text:* **H. GLICK** *Music:* **POKRAZ**

# זאָג ניט קיינמאָל

טעקסט: הירש גליק .מוזיק: פּאָקראַס

*Moderato*

ZOG NIT KEIN_MOL AZ DU GEIST DEM LETZ.TN VEG, VEN HIM. LEN
BLAI_E_NE FAR_SHTE_LN BLOI_E TEG. KU_MEN VET NOCH UN.ZER OIS.GE.BENK.TE
SHO, S'VET A POIK TON UN_ZER TROT, MIR ZAI_NEN DO! KU. MEN
VET NOCH UN_ZER OIS_GE_BENK_TE SHO S'VET A POIK TON UN.ZER TROT MIR ZAI_NEN DO!

Zog nit keinmol, az du geist dem letztn veg,
Ven himlen blaiene farshteln bloie teg,
Vail kumen vet noch undzer oisgebenkte sho,
S'vet a poik ton undzer trot: mir zainen do!

Fun grinem palmenland biz vaitn land fun shnei,
Mir kumen on—mit undzer pain, mit undzer vei,
Un vu gefaln iz a shpritz fun undzer blut,
Shprotzn vet dort undzer gvure, undzer mut.

S'vet di morgn-zun bagildn unz dem haint,
Undzer nechtn vet farshvindn mitn haint,
Nor oib farzamen vet di zun un der kayor,
Vi a parol zol zain dos lid fun dor tzu dor.

Geshribn is dos lid mit blut un nit mit blai,
S'iz nisht kain lidl fun a foigl oif der frai,
Dos hot a folk tzvishn falndike vent
Dos lid gezungen mit naganes in di hent.

To zog nisht keinmol, az du geist dem letztn veg,
Chotsh himlen blaiene farshteln bloie teg;
Kumen vet noch undzer oisgebenkte sho,
S'vet a poik ton undzer trot: mir zainen do!

זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט — מיר זיינען דאָ!

פון גרינעם פּאַלמען-לאַנד ביז ווייטן לאַנד פון שניי,
מיר קומען אָן מיט אונדזער פּיין, מיט אונדזער וויי,
און וואו געפאַלן איז אַ שפּריץ פון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער גבורה, אונדזער מוט.

ס'וועט די מאָרגן-זון באַגילדן אונדז דעם היינט,
און דער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פיינט,
נאָר אויב פאַרזאַמען וועט די זון און דער קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל זיין דאָס ליד פון דור צו דור.

געשריבן איז דאָס ליד מיט בלוט און נישט מיט בליי,
ס'איז ניט קיין לידל פון אַ פויגל אויף דער פריי,
דאָס האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

טאָ, זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
כאָטש הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג,
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה —
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט — מיר זיינען דאָ!

# א, מיין ניט —

## פון י. ל. פרץ

מיין ניט, די וועלט איז א קרעטשמע — באשאפן
מאכן א וועג מיט פויסטן און נעגל
צום שענקפאס, און פרעסן און זויפן, ווען אנדערע
קוקן פון ווייטן מיט גלעזערנע אויגן,
פארחלשט און שלינגען דאס שפייאכץ און ציען
צוזאמען דעם מאגן, וואס ווארפט זיך אין קרעמפן! —
א, מיין ניט, די וועלט איז א קרעטשמע!

מיין ניט די וועלט איז א בערזע — באשאפן,
דער שטארקער זאל האנדלען מיט מידע און שוואכע,
זאל קויפן ביי ארעמע מיידלעך די בושה,
ביי פרויען די מילך פון די בריסטן, ביי מענער
דעם מארך פון די ביינער, ביי קינדער דעם שמייכל,
דעם זעלטענעם גאסט אויפן וואקסענעם פנים —
א, מיין ניט די וועלט איז א בערזע!

מיין ניט די וועלט איז א הפקר — באשאפן,
פאר וועלף און פאר פוקסן, פאר רויב און פאר שווינדל;
דער הימל — א פארהאנג, אז גאט זאל ניט זען;
דער נעבל — מען זאלט אויף די הענט דיר ניט קוקן;
דער ווינט — צו פארשטיקן די ווילדע געשרייען;
די ערד — איינצוזאפן דאס בלוט פון קרבנות —
א, מיין ניט די וועלט איז א הפקר!

די וועלט איז קיין קרעטשמע, קיין בערזע, קיין הפקר!
געמאכטן ווערט אלעס, געוואוינן ווערט אלעס!
קיין טרער און קיין בלוטיקער טראפן פארגייען,
אומזיסט ווערט קיין פונק און קיין אויג ניט פארלאשן!
פון טרערן ווערט טייכן, פון טייכן ווערט ימים,
פון ימים א מבול, פון פונקען א דונער —
א, מיין ניט לית דין ולית דיין!

# עס ברענט

ווערטער און מוזיק: מ. געבירטיק

ES BRENT BRI-DER-LECHES BRENT OI UN-DZERO-REMSHTE-TL NE-BECH
BRENT BEI-ZE VIN-TN MIT YIR-GO-ZN RAI-SN BRE-CHN UN TZE-BLO-Z'N
UN DI SHLECH-TE VIN-TN HU-DJEN ALTZ A-RUM SHOIN BRENT
UN IR SHTEIT UN KUKT A-ZOI TZU MIT FAR-LEIG-TE HENT
UN IR SHTEIT UN KUKT A-ZOI TZU VI UN-DZER SHTE-TL BRENT

עס ברענט, ברידערלעך, עס ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך,
ברענט!
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן,
און די בייזע ווינטן הודזשען,
אַלץ אַרום שוין ברענט.

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט;
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
ווי אונדזער שטעטל ברענט.

עס ברענט, ברידערלעך, עס ברענט,
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך,
ברענט!
ס'האָבן שוין די פייערצונגען
ס'גאַנצע שטעטל איינגעשלונגען,
און די שלעכטע ווינטן הודזשען,
אַלץ אַרום שוין ברענט.

און איר שטייט אא״וו

עס ברענט, ברידערלעך, עס ברענט!
עס קאָן חלילה קומען דער מאָמענט,
ווען ס'גאַנצע שטעטל מיט אונדז
צוזאַמען
זאָל אַוועק אין אַש, אין פלאַמען.
בלייבן וועלן ווי נאָך אַ שלאַכט
שוואַרצע, פּוסטע ווענט.
און איר שטייט אא״וו

עס ברענט, ברידערלעך, עס ברענט!
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין
געווענדט!
אויב דאָס שטעטל איז אייך טייער,
נעמט די כלים, לעשט דאָס פייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
ווייזט נאָר וואָס איר קענט!

קוקט ניט ברידער, אָט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגט הענט;
קוקט ניט ברידער, לעשט דאָס
פייער,
ווייל אונדזער שטעטל ברענט.

# הערסטו דעם רוף?

טעקסט: **חיים שוואַרץ** מוזיק: **מאנשינגער**

Moderato
mf

HERS- TU DEM RUF MAIN FRAINT? S'KLINGT I- BE- RAL; STROGT ZICH FUN
SHTOT UN DORF MECH- TI- KER SHAL. SHTU- REMT MIT HEL- DN MUT
SGAN- TZE- NE LAND. LO- MIR TZU- ZA- MEN GEIN, GI- CHER GIB
MIR DAIN HANT. DREIS- TER TZUM ZIG. FOR- OIS, BRI- DER!

CODA - FINALE
BRI- DER FOR- OIS!

הערסטו דעם רוף, מיין פריינט?
ס'קלינגט איבעראַל.
ס'טראָגט זיך פון שטאָט און דאָרף
מעכטיקער שאַל.
שטורעמט מיט העלדן־מוט
ס'גאַנצענע לאַנד,
לאָמיר צוזאַמען גיין,
גיכער גיב מיר דיין האַנט.

דרייסטער צום זיג!
פאָראויס, ברידער!

שטיי ניט פון וויטן איצט,
רייף איז די צייט.
צייט פון צערעכענונג
איז שוין ניט וויט.
אויסברענען וועלן מיר
בלוטיקע שאַנד.
לאָמיר צוזאַמען גיין,
גיכער, גיב מיר דיין האַנט.

בייז איז דער פיינט און שטאַרק,
קריצט מיט די ציין.
לאָמיר צעשמעטערן
שונא'ס געביין.

ס'הויבן זיך פעלקער אויף
ברעכן די וואַנט.
לאָמיר צוזאַמען גיין,
גיכער, גיב מיר דיין האַנט.

# אייביק

פון ה. לייוויק

EIBIK

אײביק

Poema: H. Leivick – Muzik: S. Secunda

*Andantino, mit pathos*

DI VELT NEMT MICH A- RUM, MIT SHTE-CHI-KE HENT, UN TRÔGT MICH TZUM FAI-ER, UN TRÔGT MICH TZUM SHAI-TER; ICH BREN UN ICH BREN UN ICH VER NIT FAR-BRENT, ICH HÔIB ZICH ÔIF VI-DER UN SHPAN A-VEK VAI-TER. ICH

די וועלט נעמט מיך ארום מיט שטעכיגע הענט
און טראגט מיך צום פייער, און טראגט מיך צום שייטער.
איך ברען און איך ברען, און איך ווער ניט פארברענט,
איך הויב זיך אויף ווידער, און שפאן אוועק ווייטער.

איך שפאן דורך פאבריקן און פאל אונטערן ראד,
איך רייס־אויף די דאמפן מיט קראפט מיט באנייטער.
איך ליינ מיך אוועק ווי א נייער יסוד
איך הויב זיך אויף ווידער, און שפאן אוועק ווייטער.

אט שפאן איך מיך איין אין געשפאן פון א פערד
און איבער מיר בייטשט א דערצארנטער רייטער
ווי אן אקער א שארפער איך גראב דורך דער ערד,
איך הויב זיך אויף ווידער, און שפאן אוועק ווייטער.

איך זיי מיינע לידער, ווי קערנער מען זייט,
זיי שפראצן, זיי וואקסן, ווי קערנער און קרייטער.
און איך אליין ליג ווי א דארן פארדרייט,
איך הויב זיך אויף ווידער, און שפאן אוועק ווייטער.

איך וואוין אין א תפיסה און ליים אויף די צעל
און איבער מיר שפאנט צו זיין גליק דער באפרייטער.
און מיך לאזט ער ליגן צעבלוטיגט אויף שוועל,
איך הויב זיך אויף ווידער, און שפאן אוועק ווייטער.

# אַ קאַמף־געזאַנג

ווערטער — פון מ. ווינטשעווסקי ● מוזיק — פון יעקב שייפער

היקלט פאַנאַנדער די פאָנען די רויטע
שפּילט אויף אַ מאַרש און דערלאַנגט זיך אַ ריר!
וועקט אויף די אָרעמע לעבעדיגע־טויטע
זאָגט צו זיי: ברידער, זעט דאָ שטייען מיר,
דאָרטן — דער בלוטיגער פיינט;

דאָ איז די פרייהייט, דאָס ליכט, די גערעכטיגקייט;
דאָרטן — דער יאָך און די נאַכט און די שלעכטיגקייט;
ברידער, מאַרשירט מיט אונז הײנט!

הישט אויס פון אַרבעטער־אויגן די טרערן,
זאָגט זיי: צום חיינען איז איצט ניט קיין צייט;
זאָל היינט קיין קול פון געוויין זיך ניט הערן,
היינט, ווען מיר קומען אַרויס אויף אַ שטרייט,
מיר און דער בלוטיגער פיינט;

דאָ איז די פרייהייט, דאָס ליכט, די גערעכטיגקייט...
און אַז. וו.



# מיין אינגעלע

פון מאָרים ראָזענפעלד.

איך האָב אַ קליינעם אינגעלע,
אַ זונעלע גאָר שיין!
ווען איך דערזען אים דאַכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מיין.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מיין שיינעם, ווען ער וואַכט,
איך טרעף אים אימער שלאָפנדיג,
איך זע אים נאָר ביינאַכט.

די אַרבעט טרייבט מיך פרי אַרויס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק,
אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב!
אָ, פרעמד מיין קינדס אַ בליק.

איך קום צעקלעמטערהייט אַ היים
אין פינצטערניש געהילט,
מיין בלייכע פרוי דערציילט מיר באַלד,
ווי פיין דאָס קינד זיך שפּילט.

ווי זיס עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמע, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פּעני מיר
מיין גוטער, גוטער פּאַ"?

איך הער עס צו און אייל — עס מוז —
יאָ, יאָ, עס מוז געשען!
די פאָטער־ליבע פלאַטערט אויף,
עס מוז מיין קינד מיך זען.

# פארטיזאנען ליד

טעקסט : הירש גליק




שטיל, די נאַכט איז אויסגעשטערנט
און דער פראָסט האָט שטאַרק געברענט,
צי געדענקסטו ווי איך האָב דיך געלערנט
צו האַלטן אַ שפּייער אין די הענט . . .

אַ מויד, אַ פּעלצל און אַ בערעט,
און האַלט אין האַנט פעסט אַ נאַגאַן,
אַ מויד מיט אַ סאַמעטענעם פּנים
היט אָפּ דעם שונאס קאַראַוואַן.

געצילט, געשאָסן און געטראָפן
האָט איר קליינינקער פּיסטויל:
אַן אויטאָ אַ פולינקן מיט וואָפן
פאַרהאַלטן האָט זי מיט איר קויל.

פאַרטאָג פון וואַלד אַרויסגעקראָכן,
מיט שניי־גירלאַנדן אויף די האָר,
געמוטיקט פון קליינינקן נצחון,
פאַר אונדזער נייעם, פרייען דור.



## ניין, ניין, ניין!

ניין, ניין, ניין, ניין, ניין, ניין,
ניין, ניין, ניין! (צוויי מאָל)
ס'וועט אונזער פאָלק נים אונטערגיין!

ווען פון שונאים, ווילדע שונאים,
וועט נים זיין קיין זכר פון געביין,
וועלן מיר דאָ שווערן,
אז די וועלט זאָל הערן:

ניין, ניין, ניין, ניין, ניין, ניין,
ניין, ניין, ניין! (צוויי מאָל)
ס'וועט אונזער פאָלק נים אונטערגיין!

## שוין אַוועק דער נעכטן

ווערטער: דר. ח. זשיטלאָווסקי
פאָלקס מעלאָדיע

שוין אַוועק דער נעכטן,
נאָך ניטאָ דער מאָרגן,
ס'איז נאָך געבליבען אַ ביסעלע היינט,
טאָ לאָמיר זיך נים זאָרגען.
טראַ, לאַ, א. א. ח.

לאָמיר נעמען אַ ביסעלע משקה
כל זמן מען איז נאָך ביים לעבן
אם ירצה השם אויף יענער וועלט
וועט מען אייך נישט געבן.
טראַ, לאַ, א. א. ח.

# אַ קרענעצע

א. פעפער — מוזיקי: ס. פאלאַנסקי

Shpilevdik

Dort vu ǫro-zn zai-nen na-ser shteit a kre-ne-tze far-
tracht; ku-men mei-dlech, tzi-en va-ser, mit di e-mer a-le
nacht. ku-men mei-dlech tzi-en va-ser mit di e-mer a-le nacht.

דאָרט וואו גראָזן זיינען נאַסער,
שטייט אַ קרענעצע פאַרטראַכט.
קומען מיידלעך ציען וואַסער
מיט די עמער אַלע נאַכט. (2)

פון די סטעפּעס ווינטלעך בלאָזן
און אַ פייערל דערברענט,
גייען מיידלעך אויף די גראָזן
מיט די עמער אין די הענט.(2)

אונטער זון ווי ווייסע בערן
וואַקסן טעג אין גרויסן סאָד.
און אין ווייטער שיין פון שטערן
טאַנצן יאָטן אין אַ ראָד. (2)

ווערט לבנה בלאַס און בלאַסער
ערגעץ פויקט מען אין דער נאַכט,
דאָרט ווי גראָזן זיינען נאַסער
שטייט אַ קרענעצע פאַרטראַכט.(2)

# ברידער

טעקסט: י. ל. פרץ

ווייסע, ברוינע, שוואַרצע, געלע,
מישט די פאַרבן אויס צוזאַמען,
אַלע מענטשן זיינען ברידער:
פון איין טאַטן, פון איין מאַמען.

אַלע מענטשן זיינען ברידער:
שוואַרצע, ווייסע, ברוינע, געלע,
אַנדערש זיינען נאָר די פאַרבן,
די נאַטור איז דאָך די זעלבע.

אַלע מענטשן זיינען ברידער:
געלע, ברוינע, שוואַרצע, ווייסע,
פעלקער, ראַסן און קלימאַטן,
ס'איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה.

# איך וויל ניט קיין אײַזערנע קייטן

Andante

. . . איך וויל ניט קיין אײזערנע קייטן,
איך וויל ניט קיין גאָלדענע קרוין,
2 { די קנעכטשאַפֿט איז מיאוס און ביטער —
זי מעג זײַן די גאָטהייט אַליין!

איך ווייס ניט פֿון מורא פֿאַר לייטן,
איך ווייס ניט פֿון כורעים פֿאַר גאָט,
2 { מײַן האַרץ איז מײַן קנעכט און באַפֿעלער,
מײַן ווילן איז אויך מײַן געבאָט.

זאָל שילטן דער קליינלעכער שונא,
זאָל שאַרפֿן זײַן טעמפּיקן שווערד —
2 { צו זינקען אין פֿינצטערן אָפּגרונט,
איז אים פֿון מײַן צוקונפֿט באַשערט.

איך שפּין מיר מײַן פֿאָדעם פֿון שטראַלן,
איך וועב מיר מײַן גלויבן, מײַן פֿאָן —
2 { פֿון די וועלכע שפּילן אין לעבן,
געווינט נאָר דער דרייסטער דעם קאָן.

# אַ לידעלע אין אידיש
פון יוסף קאָטליאַר

זינג־זשע מיר אַ לידעלע אין אידיש,
דערהערנדיק זאָל עס פרייד און נים קיין חידוש,
אַז אַלע — גרויס און קליין
זאָלן עס פאַרשטיין,
פון מויל צו מויל דאָס לידעלע זאָל גיין.

צוזינג:

שפּיל, שפּיל, קלעזמערל שפּיל,
ווייסט דאָך וואָס איך מיין און וואָס איך וויל.
שפּיל, שפּיל אַ לידעלע פאַר מיר,
שפּיל אַ לידעלע מיט האַרץ און מיט געפיל.

(צוזינג)

אַ לידעלע אָן זיפצן און אָן טרערן,
שפּיל אַזוי, אַז אַלע זאָלן הערן.
אַז אַלע זאָלן זען,
איך לעב און זינגען קען,
שענער נאָך און בעסער ווי געווען.

(צוזינג)

לאָמיר זינגען ס'לידעלע צוזאַמען,
ווי גוטע פריינט, ווי קינדער פון איין מאַמען.
מיין איינציגער פאַרלאַנג:
ס'זאָל קלינגען פריי און פראַנק
אין אַלעמענס געזאַנג אויך מיין געזאַנג!

(צוזינג)

שפּיל זשע מיר אַ לידעלע פון שלום,
זאָל שוין שלום מער נים זיין קיין חלום,
אַז פעלקער גרויס און קליין
זאָלן קאָנען זיך פאַרשטיין —
אָן קריג און אָן מלחמות זיך באַגיין!

(צוזינג) •

# שלום! שלום!

### פון סעם ליפצין




שלום! שלום! טויבן פליען,
מיר ווילן לעבן, איז דער רוף.
מענטשן ווילן וואקסן, בליען,
ווי אין גייסט אזוי אין גוף...

שלום, שלום, שלום, שלום, כאָרן
זינגען,
שטימען שאַלן און עס העלט,
זאָל דער רוף צו אַלע פעלקער זיך
צעקלינגען,
פאַר אַ נייער, פרייער וועלט.

באָמבעס זאָלן מער ניט שרעקן,
מיט שלום פאָן אויף בריטן וועג,
ברויט און פרייד זאָל רופן, וועקן,
צו דערגרייכן יעדן ברעג...
(שלום! שלום! א. א. וו.)

זאָל ביזע ווינטן שפּריטן פייער,
דאַרף דאָס פאָלק זיין אויף דער וואַך,
אויב דאָס קינד איז ליב און טייער
זאָל זיין שלום אונטער יעדן דאַך!...
(שלום! שלום! א, אַ, וו.)



# דאָס ברייטעלע

פון שניאור וואַסערמאַן,

דער טאַטע האָט אַ ברייטעלע
אין שטוב אַרײַן געבראַכט:
איינס נאָר איז דאָס ברייטעלע
און מײַלעכלעך אַ סך.

טיילט די מאַמע ס'ברייטעלע —
פאַרגעסט אין קיינעם נישט:
איינעם גיט זי ס'רעפטעלע,
דעם צווייטן פון דער מיט.

פאַרן סאַמע פּיצעלע,
וואָס האָט נאָך נישט קיין ציין —
איז געגנוג פון ברייטעלע
די סקאָרינקע אַליין...

אַזוי־אָ האָט דאָס ברייטעלע
די מאַמע אײַנגעטיילט —
קנאַקן אַלע ציינדעלעך
און טאַנצן אַזש פאַר פרייד.

קנאַקן אַלע ציינדעלעך,
נאָר: כאַ־כאַ־כאַ! — ווי שיין:
ס'האָט די גוטע מאַמעניו
פאַרגעסן — — — זיך אַליין...



## אַ שלום ליד

(צוזינג) זאָל נאָר זיין שטיל, זאָל נאָר
זיין שאַ,
לאָמיר אַלע זינגען אַ ליד אַזאַ,
לאָמיר אַלע זינגען פון אַ נייע צייט,
אַ שלום ליד מיט שמחה און מיט
פרייד. (2)

קומען וועט אַ צייט, זי איז שוין גאָר־
נישט ווייט —
פון רציחות און מלחמות וועט די וועלט
ווערן באַפרייט.
באַפרייט פון נויט, שרעק און פיין,
אַ גרויסער יום־טוב אויף דער וועלט
וועט דעמאָלט זיין. (צוזינג)

שיינען וועט די זון, פאַר אַלעמען גלייך.
שטראָמען וועט דאָס גליק, ווי אַ
פליסנדיקער טייך.
מ'וועט זינגען אַ געזאַנג, פון לשונות
אַלערליי —
און אונדזער מאַמע לשון וועט אויך זיין
צווישן זיי. (צוזינג)

פאַרשווינדן וועט דאָס בייז, פאַרשווינדן
וועט דאָס שלעכטס.
קיינער וועט ביי קיינעם מער נישט זיין
קיין קנעכט.
שטאָלץ וועט זיין דער מענטש, ווי אַ
פויגל פריי,
צו לעבן אויף דער וועלט, וועט דאָך
דעמאָלט זיין כדאי. (צוזינג)

# ל ח י י ם !

טעקסט פון: סעם ליפּצין      מוזיק: יוסף שראַגין

(1) LE--CHA-YIM A SHNEP-SL LO-MIR MA-CHN---- LE-CHA-YIM FAR A--LE GU-TE ZA-CHN---- REFRAIN TO HOIBT DI GLEZ-LECH UN RAG--LAY-IM LO-MIR A-LE TRIN-KEN LE-CHAY-EIM LE--CHAY-YIM LE--CHAY-YIM——
LE—CHA-YIM LE-CHA—YIM LE—CHA-YIM LE-CHA-YIM LE——CHA-YIM LE-CHA-YIM LE—CHA--YIM LE-CHA-YIM—— (2) LE- Final Ending LE-CHA--YIM——

לחיים -- אַ שנעפּסל לאָמיר מאַכן.
להיים — פאַר אַלע גוטע זאַכן. (רעפריין).

טאָ הויבט די גלעזלעך און רגלים,
לאָמיר אַלע טרינקען להיים, להיים, לחיים!
להיים, לחיים — לחיים, להיים --
לחיים, להיים — לחיים, להיים!

להיים -- פון צרות מער ניט וויסן.
להיים -- נאָר פון פרייד געניסן! (רעפריין)

לחיים — פאַר אַ וועלט אַ נייער.
לחיים — פאַר אַ וועלט אַ פרייער. (רעפריין)

לחיים -- פאַר שלום לאָמיר שטרעבן.
להיים -- פאַר גליק און פרייד אין לעבן! (רעפריין)

להיים -- פאַר דעם לאַנד דעם נייעם.
להיים -- פאַר דעם לאַנד דעם פרייען. (רעפריין)





# ביים טייך

פון מאַני לייב מוזיק: פון סאָלאָמאָן גאָלוב

אויף יענער זייט טייך איז די זון שוין פֿאַרגאַנגען,
אויף יענער זייט טייך איז אַ מיידל געגאַנגען,
מיט בענקשאַפֿט אין האַרצן און ליבע אין בליק,
צו זוכן איר מיידלשן גליק.

די נאַכט האָט דעם טייך מיט אַ נעפל באַצויגן,
ביים טייך איז דאָס מיידל געשטאַנען געבויגן,
און האָט אין דעם וואַסערל לאַנג, לאַנג געקוקט,
און האָט מיט די אַקסלען געצוקט.

און בלימעלעך בלויאינקע זיבן מאָל זיבן,
האָט זי ביי דער שיין פון לבנה געקליבן,
און האָט מיטן שטראָם זיי געלאָזן אַליין,
שווימט ווייט מיינע בלימעלעך, שוין.

שווימט גלייך ווייט אַהין, וואו די וואַסערלעך רינען,
און אפשר וועט איך דאָרט מיין גליק געפינען,
און אַז איר געפינט דאָרט מיין גליק,
שווימט בלימעלעך, גיכער צוריק.

די וואַסערלעך זיינען גערונען, גערונען,
די בלימעלעך האָבן דאָרט קיין זאַך געפונען;
קיין בלימעלע איז ניט געקומען צוריק,
וויין, מיידל, דו האָסט ניט קיין גליק!

# זומפלאַנד

(פון דייטש אידיש פון מ. אָלגין)

וואו עס טוט דאָס אויג אַ בליק, פלאַכע זומפלאַנד אומעטום.
פויגל שטים אונז ניט דערקוויקט, דעמבעס שטייען נאַקעט, קרום.
מיר זיינען זומפלאַנד ברידער
און שפאַנען מיטן רידל — אין זומפ!

אויף און אָפ מאַרשירן פאָסטנס, קיינער קען דאַ ניט אַרויס.
לויפן, וועט דאָס לעבן קאָסטן, הויך די צאַם, די וואַך איז גרויס.
מיר זיינען זומפלאַנד ברידער
און שפאַנען מיטן רידל — אין זומפ!

דאָך מיר טאָרן זיך ניט קלאָגן, ווינטער קען ניט אייביג זיין.
ס'קומט אַ טאָג, מיר וועלן זאָגן: פאָטערלאַנד ביסט ווידער מיין!
דאַן גייען זומפלאַנד ברידער
ניט מער שוין מיטן רידל — אין זומפ!

# אַלע טרינקען

טעקסט און מוזיק פון מרדכי ירדני



(רעפרעין)

אַלע טרינקען, אַלע טרינקען,
אַלע טרינקען.
אַלע טרינקען, אַלע טרינקען,
אַלע טרינקען.

דער ים טרינקט די טייכן,
די זון טרינקט די ימען,
און עס טרינקען צוזאַמען,
דער טאַטע מיט דער מאַמען.
אַלע טרינקען... (6 מאָל)

די ערד טרינקט פון וואָלקן,
דעם פרוכטבאַרן רעגן.
דער שיכור טרינקט בראַנפן
דורך אַלערליי וועגן.
אַלע טרינקען... (6 מאָל)

עס טרינקען בוימער
דער טוי פון די גרעזער,
און עס טרינקען די מענטשן
פון פלעשער און גלעזער.
אַלע טרינקען... (6 מאָל)

עס טרינקט דער פעטער עליע
און די מומע דאָבע,
און עס טרינקען מיט חשק
דער זיידע מיט דער באָבע.
אַלע טרינקען... (6 מאָל)

מיר טרינקען צוזאַמען
דעם גרעסטן לחיים,
און עס טרינקען אַלע פעלקער
פאַר אַ וועלט אַ פרייער.
אַלע טרינקען... (6 מאָל)

**און איך טרינק מיין ליבסטע,**
**דעם ליבע־וויין לוסטיק.**
**דיין מויל איז מיין בעכער —**
**און איך בין שטענדיק דורשטיק...**

אַלע טרינקען... (6 מאָל)

# Yam Lid

# ים ליד

ווערטער: ר׳ יהודה הלוי. אידיש: ח. נ. ביאַליק — מוזיק: מ. שניאור.




Ch'hob fargesn ale libste,
Ch'hob farlozt main eign hoiz
Ch'hob dem yam zich opgegebn
Trog mich yam tzum muter's
  shois.

Un du mariv vint getrayer
Traib main shif tzu yenem breg.
Vos main hartz mit odler fligl
Zucht shoin lang tzu im a veg.

Breng mich nor ahin besholem
Noch dem fli zich dir tzurik
Grisn zolstu ale libste
Un dertzeil zei fun main glik.

כ׳האָב פאַרגעסן אַלע ליבסטע,
כ׳האָב פאַרלאָזט מיין אייגן הויז
כ׳האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן
טראָג מיך ים צום מוטער׳ס שויס.

און דו מערב ווינט, געטרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מיין האַרץ מיט אָדלער פליגל
זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג.

ברענג מיר נאָר אַהין בשלום,
נאָך דעם פלי זיך דיר צוריק.
גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע
און דערציייל זיי פון מיין גליק.
און דו מערב ווינט, א.אַ. ח.



# סטאַנציע דזשאַנקויע

(פון סאָוועטישן בוך „אידישע פאָלקס-לידער")

Allegro

AZ ME FORT KAIN SE - VAS - TO - POL. IZ NIT VAIT FUN SIM - FE - RO - POL.
DOR - TN IZ A STAN - TZI - E FA - RAN. VER DARF ZU - CHN NAI - E GLI - KN,
S'IZ A STAN - TZIE AN AN - TI - KL. IN DZHAN - KO - YE. DZHAN - DZHAN - DZHAN. HEI. DZHAN
HEI DZHAN - KO - YE HEI. DZHAN - VI - LI. HEI DZHAN - KO - YE. HEI DZHAN - KO - YE. DZHAN. DZHAN. DZHAN.

אַז מען פאָרט קיין סעוואַסטאָפּאָל,
איז ניט ווייט פון סימפעראָפּאָל,
דאָרטן איז אַ סטאַנציע פאַראַן.
ווער דאַרף זוכן נייע גליקן?
ס'איז אַ סטאַנציע אַן אַנטיקל
אין דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן.
היי, דזשאַן, היי, דזשאַנקויע, היי, דזשאַנווילי, היי, דזשאַנקויע,
היי, דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן.

ענטפערט, אידן, אויף מיין קשיה
וואו ז'מיין ברודער, וואו ז'אַבראַשע
ס'גייט ביי אים דער טראַקטאָר ווי אַ באַן.
די מומע לאה ביי דער קאָסילקע,
ביילע ביי דער מאָלאָטילקע,
אין דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן. (היי, דזשאַן)

ווער זאָגט, אַז אידן קאָנען נאָר האַנדלען,
עסן פעטע יויך מיט מאַנדלען,
נאָר ניט זיין קיין אַרבעט-מאַן,
דאָס קאָנען זאָגן נאָר די שונאים,
אידן, שפייט זיי אָן אין פּנים,
טוט אַ קוק אַף דזשאַן, דזשאַן. (היי, דזשאַן)

# קאַרטאָפּל־זופּ מיט שוואָמען

פון מרדכי געבירטיג

וואָס האָבן מיר צו מיטאָג הײַנט ? —
פרעגט יאָסעלע דער מאַמען, —
מיר ווילט זיך עסן, מאַמעניו,
קאַרטאָפּל־זופּ מיט שוואָמען.
— געזען אַ חוצפּה, ס׳ווילט זיך אים
קאַרטאָפּל־זופּ מיט שוואָמען,
כ׳האָב הײַנט געקאָכט אַ קנאָבל־זופּ,
וועסט אָסור זיך נישט סמען.

רעפרען : קאַרטאָפּל־זופּ וויל יאָסעלע,
און די עלטסטע טאָכטער סאָסעלע
גבירישע מאַכלימלעך האָט ליב,
נו גיב זיי פײַנע שפּײַזעלעך,
ווי אין יענע רײַכע הײַזעלעך,
אַז קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב,
אוי, אַז קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב.

וואָס האָבן מיר צו מיטאָג הײַנט ? —
אַרײַן אין שטוב קומט סאָסל —
מיר ווילט זיך עסן, מאַמעניו,
אוי, פּערפּעלעך מיט ראָסל !
— געהערט אַ חוצפּה, פּערפּעלעך
מיט ראָסל ווי מאַגנאַטן,
כ׳האָב הײַנט געקאָכט אַ קנאָבל־זופּ,
ס׳וועט אָסור דיר ניט שאַטן.

רעפרען : קאַרטאָפּל־זופּ וויל יאָסעלע,
פּערפּעלעך מיט ראָסל סאָסעלע,
קנאָבל־זופּקעס האָבן זיי נישט ליב,
און חיהלע ס׳מוזיניקל —
דאָס איז גאָר אַ מין מפוניקל,
און קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב,
אוי, און קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב.

# קאַרטאָפל־זופּ

— וואָס האָבן מיר צו מיטאָג הײַנט?
אַרײַן אין שטוב קומט חיה —
כ'וויל באָבעלעך מיט קלוסקעלעך
מיר שמעקט דאָס אַ מחיה!
— געהערט אַ חוצפּה, באָבעלעך
מיט קלוסקעס איר גאָר שמעקן,
כ'האָב הײַנט געקאָכט אַ קנאָבל־זופּ,
ווועסטו אָסור זיך ניט קרעקן.

רעפּרען: קאַרטאָפל־זופּ וויל יאָסעלע,
פּערפּעלעך מיט ראָסל סאָסעלע,
חיהלע שרײַט: מאַמעניו, מיר גיב,
באָבעלעך מיט קלוסקעלעך,
שלינגע רינט פון זייערע פּיסקעלעך,
און קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב,
אוי, און קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב.

וואָס טוט זיך דאָ? — פרעגט ס'מאַנעלע,
דערזעענדיק מיך בייזלעך, —
וואָס זיצט איר אַזוי ברוגזלעך,
אַראָפּגעלאָזט די נעזלעך.
— געהערט אַ חוצפּה, אָך און וויי,
פּרנסה־געבער מײַנער!
געקאָכט אַ פײַנע קנאָבל־זופּ
און עסן וויל ניט קיינער.

רעפּרען: קאַרטאָפל־זופּ וויל יאָסעלע,
פּערפּעלעך מיט ראָסל סאָסעלע,
באָבעלעך מיט קלוסקעס איר גאָר גיב,
נו, קאָך זיי פײַנע שפּײַזעלעך,
ווי אין יענע רײַכע הײַזעלעך,
אַז קיין גראָשן איז נישטאָ אין שטוב,
אוי, קנאָבל־זופּ האָט אויך מײַן מאַן נישט ליב.

# וויג-ליד

טעקסט: הירש גליק    מוזיק: יוסף שראַגין

Ruik

VIGT MICH DI MA-ME AYN- - - - - - ZINGT HAR-TZK VI IN TCHI-NE VEST MAIN KIND A
BET ZICH DI MA-ME: LOZ MIR TZU-RU. UN ICH ZE TZVEY TZI-GN KLE-PN ZICH DI
LAYT NOCH ZAYN. EY-NER IN ME-DI--NE. VEST MAIN KIND A LAYT NOCH ZAYN EY-NER
OY-GE-LECH TZU, UN ICH VER ANT-SHVI-GN. KLE-PN ZICH DI OY-GE-LECH TZU UN ICH
IN ME-DI-NE RAYS ICH ZICH A-ROIS FUN SHOIS. LOZ ZICH NIT FAR-VI-GN OYB S'IZ
VER ANT-SHVI-GN.
MIR BA-shert ZAYN GROYS. PAST MIR NIT TZU LI-GN OYB S'IZ MIR BA-SHERT ZAYN GROYS
Rit.
PAST MIR NIT TZU LI-GN.

וויגט מיך די מאַמע איין,
זינגט האַרציק ווי אין תחינה;
וועסט, מיין קינד, אַ לייט נאָך זיין,
איינער אין מדינה.

רייס איך זיך אַרויס פון שויס,
לאָז זיך ניט פאַרוויגן;
אויב ס'איז מיר באַשערט זיין גרויס,
פּאַסט מיר ניט צו ליגן.

בעט זיך די מאַמע: אוי, לאָז מיר צורו!
און איך זע צוויי ציגן,
קלעפּן זיך די אויגעלעך צו,
און איך ווער אַנטשוויגן.

## גענדזעלעך

(אַ פאָלקסליד)

דאָרטן, ביי שטיבל, ניט ווייט פונעם טייכל,
פּאַשעט די גענדזעלעך אַ מיידעלע גאָר שיין,
די אויגעלעך גלאַנצן
אויף ליפּעלעך אַ שמייכל,
זינגט זי אַ לידל אויף אַהיים צו גיין.

היידא, היידא, היידא, היידא,
לויפט זשע גענדזעלעך,
אַהיים, אַהיים, אַהיים. (2)

דער אַלטער גאַנער, ער מעג אפילו פלאַצן
וועט זי אים ניט נעמען. ניין, אַ, ניין, אַ, ניין.
וואָס טויג איר זיינע רייכע פּאַלאַצן,
ווען זי איז נאָך אַזוי יונג און שיין.

היידא, היידא, היידא, היידא,
לויפט זשע גענדזעלעך,
אַהיים, אַהיים, אַהיים. (2)

# Reizele

# רייזעלע

ווערטער און מוזיק: מ. געבירטיק




| | |
|---|---|
| Shteit zich dort in gesele<br>Shtil fartracht a haizele,<br>Dortn oifn boidem-shtibl<br>Voint main tayer Reizele.<br>Yedn ovnt farn haizl<br>Drei ich sich arum,<br>Ch'gib a faif un ruf ois: "Reizl,<br>Kum, kum, kum!" | שטייט זיך דאָרט אין געסעלע<br>שטיל פאַרטראַכט אַ הייזעלע,<br>דאָרטן אויפן בוידעם־שטיבל<br>וואוינט מיין טייער רייזעלע.<br>יעדן אָוונט פאַרן הייזל<br>דריי איך זיך אַרום<br>כ׳גיב אַ פייף און רוף אויס: „רייזל,<br>קום, קום, קום!" |
| Efnt zich a fentzterl,<br>Vacht oif s'alte haizele<br>Un bald klingt in shtiln gesl<br>A zis kol—s'redt Reizele:<br>"Noch a vaile, vart main liber,<br>Bald vel ich zain frai,<br>Gei zich noch a por mol iber,<br>Eins, tzvei, drai." | עפנט זיך אַ פענצטערל,<br>וואַכט אויף ס׳אַלטע הייזעלע<br>און באַלד קלינגט אין שטילן געסל<br>אַ זיס קול — ס׳רעדט רייזעלע:<br>„נאָך אַ ווײַלע, וואַרט מיין ליבער,<br>באַלד וועל איך זיין פריי,<br>גיי זיך נאָך אַ פּאָר מאָל איבער<br>איינס, צוויי, דריי". |
| Gei ich mir a freilecher,<br>zing un knak mir niselech,<br>Her ich oif di treplech loifn<br>Ire drobne fiselech,<br>Shoin arop fun letztn trepl,<br>Ch'nem zi lib arum,<br>Ch'gib ir shtil a kush in kepl:<br>"Kum, kum, kum!" | גיי איך מיר אַ פריילעכער,<br>זינג און קנאַק מיר ניסעלעך,<br>הער איך אויף די טרעפּלעך לויפן<br>אירע דראָבנע פיסעלעך,<br>שוין אַראָפּ פון לעצטן טרעפּל,<br>כ׳נעם זי ליב אַרום,<br>כ׳גיב איר שטיל אַ קוש אין קעפּל:<br>„קום, קום, קום!" |

# דאַנאַ, דאַנאַ

טעקסט: אַ. צייטלין

אויפֿן פֿורל ליגט אַ קעלבל,
ליגט געבונדן מיט אַ שטריק,
הויך אין הימל פֿליט אַ שוואַלבל,
פֿרייט זיך, דרייט זיך הין און צוריק.

לאַכט דער ווינט אין קאָרן,
לאַכט און לאַכט און לאַכט,
לאַכט ער אָפּ אַ טאָג אַ גאַנצן
און אַ האַלבע נאַכט.
הע, דאַנאַ, דאַנאַ, דאַנאַ...

שרייט דאָס קעלבל, זאָגט דער פּויער:
ווער־זשע הייסט דיך זיין אַ קאַלב?
וואָלסט געקענט דאָך זיין אַ פֿויגל,
וואָלסט געקענט דאָך זיין אַ שוואַלב.

לאַכט דער ווינט...

בידנע קעלבער טוט מען בינדן,
און מען שלעפּט זיי און מען שעכט,
ווער ס'האָט פֿליגל, פֿליט אַרויפֿצו,
איז ביי קיינעם נישט קיין קנעכט.

לאַכט דער ווינט...





# אין דער קוזשניע

אין דער קוזשניע ביי דעם פֿייער,
שטייט אַ שמידער און ער שמידט,
ער קלאַפּט דעם אייזן,
פֿונקען פֿייער שפּריצן,
און ער זינגט דערביי אַ ליד.

פֿון דער פֿרימאָרגן, וואָס וועט קומען,
זינגט ער מוטיק, זינגט ער הייס,
און ער פֿילט נישט ווי עס רינען
פֿון זיין פּנים טייכן שווייס.

און די ערד באַצירט מיט בלומען,
זינגט ער ווייטער, זינגט זיין ליד,
אָפּגעקילט איז שוין דאָס אייזן,
און ער קלאַפּט און ווערט נישט מיד.

## פּאַק זיך!

פון אָנקל סעם

(מעלאָדיע פון „יאַשקע פאָרט אַוועק")

פּאַק זיך גיך, דו פּאַראַזיט, וואָס מאַכסטו פּוילע שטיק,
באַרג אַראָפּ איז איצט דיין גאַנג, ניטאָ קיין וועג צוריק!

גיי! גיי! גיי! גיי! און רו אויף יענער וועלט,
גענוג האָסטו מיין פּראַצע, שוויס, פאַרוואַנדלט דאָס אין געלט!

יאָרן לאַנג האָסטו גערויבט, געלעבט פון מענטשלעך בלוט,
דעם אַרבעטער מיט נויט באַלוינט, אַליין געלעבט זיך גוט.

ביזט זאַט געווען, גוט באַקליידט, געוואוינט אין אַ פּאַלאַץ,
איצט אַרויס, דו פּאַראַזיט, מאַך פריי פאַר אונז דעם פּלאַץ!

דער אַרבעטער, ער האָט דערוואַכט, ער נעמט שוין דאָס פאַרשטיין
אַז ער קאָן זיין „שטעטעלע" איצט אַליין באַשטיין! . . .



## מיין לעצטער פאַרלאַנג

(געשריבען אין זיין צעל דעם 18־טען נאָוועמבער, 1915
ערב זיין הינריכטונג)

כ'מאַך מיין צוואה לייכט און שנעל,
ווייל איך האָב קיין פּרוטה ביי מיין זעל,
אומזיסט פון קרובים דאָס געוויין —
„ס'איז נאַקעט אַ בעוועגלאַז שטיין".

מיין קערפּער! אַ ווען כ'וואָלט געקענט,
וואָלט איך אין גאַנצען איהם פאַרברענט —
אַ פרעהליך ווינטעל טראָגען זאָל

מיין שטויב אין אַ בעבלומטען טהאָל.
וועט דאָרט אַ בלום, וואָס וועלקט שוין לייכט,
צוריק דאַן אויפבליהען פּילייכט.
דאָס איז דאָס לעצטע וואָס איך וויל.
אַדיע — איך ווינש אייך גליק.

דשאָו היל.

מ. מ. וואַרשאַווסקי

# דעם מילנערס טרערן

אוי, וויפל יאָרן
זיינען פאַרפאָרן,
זייט איך בין מילנער אָט אַ־דאָ ?
די רעדער דרייען זיך,
די יאָרן גייען זיך,
איך בין שוין אַלט און גרייז און גראָ.

כ'האָב געהערט זאָגן,
מ'וויל מיך פאַריאָגן,
אַוועק פון דאָרף און פון דער מיל ;
די רעדער דרייען זיך,
די יאָרן גייען זיך,
אוי, אָן אַן עק און אָן אַ ציל.

ס'איז מעג פאַרגאַנגען,
מ'וויל זיך דערמאָנען,
צי כ'האָב געהאַט אַ שטיקל גליק ;

די רעדער דרייען זיך,
די יאָרן גייען זיך —
קיין ענטפער איז ניטאָ צוריק.

וואו וועל איך וואוינען,
ווער וועט מיך שוינען ?
איך בין שוין שלעכט, איך בין שוין מיד ;
די רעדער דרייען זיך,
די יאָרן גייען זיך
און זוכן מיט זיי ברויט אַרום דער ייד.

# הבאנו שלום עליכם

יידישע ווערטער פון מ. בירנבוים

הבאנו שלום עליכם,
הבאנו שלום עליכם,
הבאנו שלום עליכם,
הבאנו שלום, שלום, שלום עליכם.

מיר ווילן אַלע נאָר שלום,
מיר בענקען אַלע נאָך שלום,
מיר זינגען אַלע פאַר שלום,
מיר רופן שלום, שלום,
שלום אויף דער וועלט.

מיר ווילן פרייהייט פאַר אַלע,
מיר ווילן גלייכהייט פאַר אַלע,
מיר ווילן ברידער זיין אַלע,
מיר רופן שלום, שלום,
שלום אויף דער וועלט.

אַלע שטעט, אַלע גאַסן,
אַלע פעלקער, אַלע מאַסן,
אַלע פאַרבן און ראַסן,
מיר רופן שלום, שלום,
שלום אויף דער וועלט.

האבנו שלום עליכם....

# אַ פריילעכס

פון אַ. סוצקעווער

עס האָט זיך מיר די זיפּ צעבראָכן,
האָט זיך דאָס מעל צעשאָטן, (2)
ס'האָבן זיך מיר די שיך צעריסן
טאַנץ איך אין די זאָקן...

טאַנץ, טאַנץ אַביסעלע מיט מיר,
אַביסעלע מיט מיר,
איך האָב ליב דעם אידעם,
דו האָסט ליב די שניר.

איך דאַנק דיר גאָט, איך דאַנק דיר גאָט,
פאַר אַלע דיינע טובות. (2)
חתונה געמאַכט, אויסגעבראַכט,
אָפּגעצאָלט די חובות. טאַנץ, טאַנץ...

זיינען מיר איצט געבליבן,
בלויז מיר ביידע,
וועלן מיר אם ירצה השם
זיין באָבע־זיידע. טאַנץ, טאַנץ...

וואַקסן וועלן אייניקלעך,
גאָר אַ מחיה. (2)
וועלן זיי שאַפּן
אַ וועלט, אַ בייע,
טאַנץ, טאַנץ אַביסעלע מיט מיר,

# אויפן באַרג פון כרמל

אויפן באַרג פון כרמל פּאַשנדיק די פּי,
ער אַ יונגער פּאַסטוך, אַ פּאַסטושקע זי.
(צוזינג) זי לאַכט צו אים, ער צו איר,
פלאַמען פייער אויגן פיר. (2)

פּאַסטוך מיטן פייפל, דאַרף צוריק אין
דאָרף גיין,
נאָך אַ ווילע ליבסטע, מיט מיר אין
וואַלד אַליין (צוזינג)

די זון איז שוין פאַרגאַנגען, דער הימל
אין רויטן פלאַם,
און די שעפּסן מעקען, ביי דעם
בלויען ים. (צוזינג)

די נאַכט איז צוגעפאַלן, די שטערן
אין מיטן רוים —
פּאַסטוך און פּאַסטושקע, אין אַ בלויען
טרוים. (צוזינג)

## יידיש איז מיין לשון

טעקסט: ז. וויינפּער
מוזיק: משה ראַוך

לשון מיינס איז יידיש
פול מיט פּשטות, און
רחבותדיק, נגידיש,
וואַרעם ווי די זון.

המשך איז מיין זכיה,
קיום איז מיין ליד, —
מיין געזאַנג — עליה
צו דעם מענטש און איד.

מענטשן און לשונות,
לשון איז דער מענטש, —
מענטשלעכקייט די קרוין איז,
זינג צו איר און בענטש.

פּעלקער אין האַרמאָניע,
ליבשאַפט צווישן זיך, —
שטראַליקע סימפאָניע,
און אין איר אויך איך.

לאָמפּ נאָך נישט פאַרלאָשן,
זע, ער גליט נאָך, גליט,
יידיש איז מיין לשון,
יידיש איז מיין ליד.

## האַף און גלויב

טעקסט: י. ל. פּרץ

האַף! האַף!
נים ווייט איז שוין דער פרילינג.
עס וועלן שמעטערלינגען שפּרינגען,
נייע נעסטן, נייע פייגל,
וועלן נייע לידער זינגען.

גלויב! גלויב!
די נאַכט איז שוין פאַרשוואונדן,
און די וואָלקנס אויך צערונען,
בלוי וועט זיין דער הימל,
נייע שטערן, נייע זונען.

האַף און גלויב!
נייע, רויזן, נייע בלומען,
וועלן בליען, וואַקסן הויך,
עס וועט שיינען, שמעקן, זינגען
און אין אונדזער ווינקל אויך.



## א גוט־מאָרגן דיר הערש דוד

Freikech

„אַ גוט מאָרגן דיר, הערש הוד!"
„אַ גוט מאָרגן, ברוך!"
— „כ'האָב געהערט, דו האָסט מיט מזל
אויספאַרקויפט דעם צוואָרעך."
— „ניט דעם צוואָרעך, נאָר דאָס מילכיקס
אויספאַרקויפט אין גאַנצן;
אַבי דאָס געלט איז דאָ אין בײַטל,
הײלט זיך טאָקע טאַנצן."
אַ־דײַ, דידל־דײַ, דײַ־דײַ־דײַ......
כ'האָב אַ מויד, אַ מויד אַ שײנע;
דו — אַ זון, אפֿרים.
לאָמיר בײדע שרײַבן תּנאים,
טרינקען אַ לחיים.
כאַ־כאַ־כאַ, צווײ מאות זילבער,
גיב איך ווי אין גאַנצן.
איבער פֿעלדער, איבער וועלדער
וועלן ייִדן טאַנצן."
אַ־דײַ, דידל־דײַ, דײַ־דײַ־דײַ......

# אַ שטורעם האָט אַ בלום אָפּגעבראָכן

טעקסט פון: סעם ליפּצין מוזיק: מאַקסים בראָדין

אַ בייזער שטורעם האָט אַ בליענדיקע בלום אָפּגעבראָכן,
האָבן אַלע אַרומיקע בלומען דערפילט זיך צעבראָכן.
אַלע פלאַנצן אַרום האָבן די קעפּ איינגעבויגן,
אין טרויער געשטאַנען, ווי זיי וואָלטן געווישט זיך די אויגן . . .

די בלום האָט געשיינט אין דעם אַרומיקן גאָרטן,
כאָטש געשיינט האָבן בלומען פאַרשידענע סאָרטן,
נאָר אָט־די קאָלירנרייכע בלום האָט שטענדיק געלויכטן,
ווי זי וואָלט אַלע צווייגן אַרום זיך באַלויכטן . . .

זי האָט ליב געהאַט פריינט, די דייזי, די ליליע,
געוויזן ליבשאַפט צו אַלע ווי צו אַ שיינער פאַמיליע.
פלעגט זיך נויגן מיט כבוד, אַלע פלאַנצן באַגריסן,
ווי פילט יעדעם בלאַט, געוואָלט האָט זי וויסן.

איז אַ שטורעם אַ בייזער מיט צאָרן געקומען,
געבראַכט אַן אומגליק אין גאָרטן, צעוווייטיקט די בלומען.
די בליענדיקע בלום האָט ניט פאַרענדיקט דעם זומער —
געלאָזן אַלע אַרום ווי פאַר׳יתומ׳טע אין אומער . . .



— — — — — — — — — — — — — —

געוויס קאָן ניט העלפן קיין וויינען, קיין קלאָגן,
כאָטש טיף אין הארצן וועלן ווייטיקן נאָגן,
נאָר די בליענדיקע בלום פאַרן אויג וועט אונדז שוועבן,
און מיר וועלן זי זען אין אַלע בוקעטן פון לעבן!

A SHTOREM HOT A BLUM OPGEBROKHN

BY SAM LIPTZIN — FOLK MOTIVE MAXIM BRODYN

A bei-ZER SHTO-REM HOT A BLI-EN-DI-KE BLUM
OP-GE-BRO-KHN HO-BN A-LE A-RU-MI-KE BLU-MEN
ZICH DER-FILT — TZE-BRO — — CHN A-LE FLANTZN
A RUM HO-BN DI - KEP AIN-GE-BOI-GN VI ZEI VOL-TN
IN TROI-ER GE-SHTA-NEN UN GE-VISHT ZICH DI OI - GN

---

## מײַ-ליד

טעקסט: מאָריס ראָזענפעלד

דער מײַ איז געקומען
מיט זײַן צויבער מיט זײַן פּראַכט:
אַלע גראָזן, אַלע בלומען
האָבן אויפגעוואַכט.

ווידער בליט עס אויף די פעלדער,
גלאַנצט עס איבעראַל:
ווידער גרינט עס אין די וועלדער,
זינגט דער נאַכטיגאַל.

נעמט דער פרילינג מאָלן
מיט זײַן פּענזל, וואו ער שמירט
ווערן בערגער, ווערן טאָלן,
ווערט די ערד מיט גרינס באַצירט.

# זינג שטיל, גאָר שטיל...

פֿון וואָלף יונין		מוזיק פֿון שלום סעקונדאַ

עס האָט מיר מײַן טאַטע נאָך קינדווײַז געזאָגט:
גוט איז צו אויפֿשטײן באַגינען.
און ווער נאָר אַ האַרץ און אַן אויער פֿאַרמאָגט,
דער וועט שוין דעם ניגון געפֿינען.

צוזינג:
זינג שטיל, גאָר שטיל,
אַז קיינער חוץ אונדז זאָל ניט הערן.
און זאָל אונדז פֿאַרוויגן דער האַרציקער ניגון
ביז אײַנדרעמלען וועלן די שטערן.

איך האָב מײַן טאַטן דעם קלוגן געפֿאָלגט,
און האָב זײַנע ווערטער באַנומען.
איך האָב אויפֿן פֿעלד בײַ דעם פֿויגלשן פֿאָלק,
דעם ניגון דעם שענסטן געפֿונען.

צוזינג:
זינג שטיל, גאָר שטיל,
אַז קיינער חוץ אונדז זאָל ניט הערן.
און זאָל אונדז פֿאַרוויגן דער האַרציקער ניגון
ביז אײַנדרעמלען וועלן די שטערן.

י. רייזען        מוזיק פון: ב. יאַבלאָנסקי

## איינס און צוויי




איינס און צוויי, דריי און פיר,
איינס און צוויי, דריי און פיר —
איינס און צוויי איז דרײַ; פיר און פיר איז אַכט;
זון באַהעלט אויפֿן קאַרק
הינטער וועלט, פֿון אַ באַרג
לעבן איז ברייט. האָט זיך ווער צעלאַכט:

זום-זום-זום, כאַ-כאַ-כאַ!
זום-זום-זום? — כאַ-כאַ-כאַ!
פֿרעגט בײַ מיר אַ פֿליג.. — ווער-זשע לאַכט עס דאָרט?
טראַ-לאַ-לאַ, כאַ-כאַ-כאַ!
טראַ-לאַ-לאַ . . . כאַ-כאַ-כאַ! —
ענטפֿער איך צוריק. מער דאַרף ניט קיין וואָרט.

## מים, מים

וּשְׁאַבְתֶּם מַיִם בְּשָׂשׂוֹן
מִמַּעַיְנֵי הַיְשׁוּעָה. } 2
מַיִם (4) הוֹי, מַיִם בְּשָׂשׂוֹן (2)

הַ, הַ, הַ, הַ,
מַיִם (6) בְּשָׂשׂוֹן מַיִם (6)
מַיִם (3) בְּשָׂשׂוֹן. (2)

## BIRO-BIDJAN
**(melodie fun Sovetishn film "Biro-Bidjan")**

Freilech

A-ha, A-ha, So-ve-tn macht hot land ge-ge-bn
boit der yid a nai-em le-bn Bi-ro bi-ro
bi-ro bi-ro bi-ro bi-ro biro-bid-jan biro-bid-jan.

## בירא-בידזשאַן

פון סעם ליפצין

אַהאַ, אַהאַ,

סאָוועטנמאַכט האָט לאַנד געגעבן,
בויט דער איד אַ נייעם לעבן.

בירא-בירא, בירא-בירא,
בירא-בירא, בירא-בידזשאַן. (2 מאָל)

ער שטיצט זיך ניט אויף וואַנדער-שטעקן —
עס זעט די מאַכט פאַר אַלץ זאָל קלעקן. — צוזינג

לאַכט דער איד פון מעקלער, פאַקטאָר,
זיצט ביים רעדל, טרייבט אַ טראַקטאָר. — צוזינג

שניידט ער ברעטער, שניידט ער זאַנגען,
זינגט די יוגנט זיג-געזאַנגען. — צוזינג

אייגן מילך און אייגן קאָרן,
פילט דער איד ווי ניי געבאָרן. — צוזינג

בליען וועגן, וואַקסן גאַסן,
אויסגעוואָרצלט האַס פון ראַסן. — צוזינג

מנחם-מענדלס טאַנצן כוואַטסקע
מיט קאָזאַקן — אַ קאָזאַצקע. — צוזינג

## דער קאַפּעליוש

פון איציק מאַנגער

קיינער ווייס ניט וואָס איך זאָג,
קיינער ווייס ניט וואָס איך וויל.
זיבן קעצעלעך מיט אַ קאַץ 2-
שלאָפן אויפן דיל.

זיבן קעצעלעך מיט אַ קאַץ,
זיינען, דאַכט זיך — אַכט.
טו איך אָן דעם קאַפּעליוש
און זאָג: אַ גוטע נאַכט. 2-

טו איך אָן דעם קאַפּעליוש
און איך לאָז זיך גיין.
אַוואו־זשע גייט מען שפּעט
ביינאַכט 2-
איינינקער אַליין?

שטייט אַ קרעטשמע ביי דער זייט
און ווינקט צו מיר: דו יאָלד!
כ'האָב אַ פּעסעלע מיט וויין,
אַ פּעסעלע — מיט גאָלד. 2-

עפן אויף איך ברייט די טיר
און איך פאַל אַריין.
אַ גוט מאָרגן אַלע אייך, 2-
ווער איר זאָלט ניט זיין.

קיינער ווייס ניט וואָס איך זאָג,
קיינער ווייס ניט וואָס איך וויל.
צוויי שיכורים מיט אַ פלאַש 2-
ליגן אויפן דיל.

צוויי שיכורים מיט אַ פלאַש,
דאַכט זיך, זיינען דריי.
זיין אַ פערטער דאָ צום שפּיל 2-
לוינט זיך? ניט כדאי!

טו איך אָן דעם קאַפּעליוש
און איך לאָז זיך גיין.
אַוואו זשע גייט מען שפּעט
ביינאַכט 2-
איינינקער אַליין?

## זינגען אַ ליד איז אַ מחיה

ווערטער: ה. גאָלדבערג

זינגען אַ ליד איז אַ מחיה (2)
טאָ, זינגט זשע, ברידער,
זינגט זשע מונטער,
אַ פאָלק וואָס זינגט גייט קיינמאָל
אונטער,
זינגען אַ ליד איז אַ מחיה. (2)

אַ ניגון, אַן אַלטער, צי אַ נייער,
זינגט עס וועט איר פילן פרייער.
טאָ, זינגט זשע ברידער,
זינגט זשע מונטער,
אַ פאַלק וואָס זינגט גייט קיינמאָל
אונטער,
זינגען אַ ליד איז אַ מחיה. (2)

האָסטו פאַרדראָס, צי האָסטו דאגות,
אָדער ביסטו חלילה ברוגז,
טאָ, זינגט זשע ברידער,
זינגט זשע מונטער,
אַ פאָלק וואָס זינגט גייט קיינמאָל
אונטער,
זינגען אַ ליד איז אַ מחיה. (2)

# בלומען האָב איך פֿיל גענומען

ווערטער פון: קלמן פרידמאן   מוזיק פון: אדאָלף מאן

Allegretto

Blu - men hob ich fiel ge - nu - men oon a shei - nem krants ge - floch - tn
hot zeech meer dan ois - ge - do-och - tn az doo bist tsu mir ge koo-oo-men
hot zeech meer dan ois - ge - do-och - tn as doo bist tsu mir ge koo-oo-men
chob ge-shtelt zei oif dem fe-ens-ter oon mit va - ser freesh be-go-o - s'n
hot in shteel-keit ver ge - flo-o-s'n, chbin dein libs - ter chbin dein she-en - ster
hot in shteel- keit ver ge- flo-o - s'n, chbin dein libs - ter chbin dein she-en - ster
oon foon benk - shaft vei be - tsvoo-oon-gn hob ich s'bild deins lang ge - hal - t'n
oon a nee - gn deins an a-al - tn in der shteel - keit ois - ge - zoo-oon-gen
oon a nee - gn deins an a-al - tn in der shteel - keit ois - ge - zoo-oon-gen.

בלומען האָב איך פֿיל גענומען,
אין אַ שיינעם קראַנץ פֿאַרפֿלאָכטן.
האָט זיך מיר דאַן אויסגעדאכטן,
אַז דו ביזט צו מיר געקומען.

כ׳האָב געשטעלט זיי אויפֿ׳ן פֿענצטער
און מיט וואַסער פֿריש באַגאָסן,
האָט אין שטילקייט ווער געפֿלאָסן
כ׳בין דיין ליבסטער, כ׳בין דיין שענסטער.

און פֿון בייִנקשאַפֿט ווי באַצוואונגען,
האָב איך ס׳בילד דיינס לאַנג געהאַלטן
און אַ ניגון דיינס אַן אַלטן,
אין דער שטילקייט אויסגעזונגען.

# בין איך מיר אַ שנײַדערל

בין איך מיר אַ שניידערל, (2)
לעב איך מיר טאָג־אוים, טאָג־איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין.
— זאָג מיר שניידער,
ליבינקער און גוטער:
גיט דיר די נאָדל
גענוג אויף ברויט מיט פוטער?

— איך מאַך אַ וואָך
צוויי גילדן מיט אַ דרייער,
איך עס נאָר ברויט,
ווייל פוטער איז צו טייער.

בין איך מיר אַ שוסטערל, (2)
לעב איך מיר טאָג־אוים, טאָג־איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין.
— זאָג מיר שוסטער,
האָסטו וואָס צו קייען?
פעלט דיר אויסעט,
קריגסטו וואו צו לייען?

— קיינער לייט ניט,
קיינער גיט קיין ערבות;
כ׳בין אַ שוסטער,
גיי איך טאַקע באָרוועס.

## ציט אַ שנירל זיך פון זיידן

פון מרים פייערמאַן־לעווין · מוזיק פון מאַקסים בראָדין

ציט אַ שנירל זיך פון זיידן
צו מיין טאַטן און צו מיר,
און דאָס שנירל וועט אויף ווייטער
אויך זיך ציען, קינד, צו דיר.

אין דעם שנירל זיינען פעדים
פיל פאַראַנען — אָן אַ צאָל:
פעדים גרויע, פעדים שוואַרצע
אין פון גינגאָלד אויך אַמאָל.

גרויע פעדים זיינען, קינד מיינס,
גרויע טעג — טעג פון נויט.
פעדים שוואַרצע — טעג פון געטאָס,
געלע לאַטעס און פון טויט.

דורך די לאַנגע וואָגל־יאָרן
האָבן גאָלד־וועבער געלעבט,
ס'האָט בר־כוכבא און הירש לעקערט
גאָלד אין שנירל איינגעוועבט.

ס'האָבן דורות גאַנצע פון די געטאָס
מיט גאָלד דאָס שנירעלע באַצירט.
וואַקס־זשע, קינד מיינס, אַ גאָלד־וועבער,
היט דאָס גאָלד אין שנירל, היט!

Poem by
Miriam F. Levin

Music by
Maxim Brodyn
(folkloristic)

# TZIT A SHNIRL ZICH

REFRAIN: Baveglech


Tzit a shni-rl zich fun zei - dn


Tzu main ta- tn un tzu mir. Un dos shni -rl



vet oif vai-ter oich zix tzien kind tzu



dir, kind tzu dir. Hm,_ hm.- - - - - -

(Verse:)


1. In dem shnirl zainen fe-dim fil fa-ran- en
2. Far di lan-ge vo-gl yo- rn ho -bn gold ve-


on a tzol Fe-dim groi-e, fe-dim shvar- tze
ber ge-lebt. S'hot Barkoch-ba Un Hirsh Lek- ert


Un - fun gin- gold oich a -mol. Fe-dim groi - e,
Gold in shnire-le ain-ge-vebt. S'hot Barkoch -ba



Fe-dim shvar-tze Un fun gin-gold oich a - mol.
Un Hirsh Lek-ert Gold in shnire-le ain- ge- vebt.

# אַ בריוועלע דער מאַמען

טעקסט : ס. שמולעוויטש

מיין קינד, מיין טרייסט, דו פֿאָרסט אַוועק,
זע, זיי אַ זון אַ גוטער.
דיך בעט מיט טרערן און מיט שרעק
דיין טרייע, ליבע מוטער.

דו פֿאָרסט, מיין קינד, מיין איין און איינציג קינד,
אַריבער ווייטע ים׳ען.
אַך! קום אַהין נאָר פֿריש, געזונט
און ניט פֿאַרגעס דיין מאַמען.

יאָ, פֿאָר געזונט און קום מיט גליק.
זע, יעדע וואָך אַ בריוול שיק,
דיין מאַמעס האַרץ, מיין קינד, דערקוויק.

רעפריין :

אַ בריוועלע דער מאַמען,
זאָלסטו ניט פֿאַרזאַמען.
שרייב געשווינד, ליבעס קינד,
שענק איר די נחמה.
די מאַמע וועט דיין בריוועלע לעזן,
און זי וועט גענעזן,
היילסט איר שמאַרץ,
איר ביטער האַרץ,
דערקוויקסט איר די נשמה.



# חנהלע לערנט לשון קודש

ווערטער : א. אלמי

ALLEGRETTO

BIN ICH MIR A LE- RE-RL UN LE-RN LO- SHN KOI-DESH
KUMT TZU MIR A- CHA-NE-LE TZU LER-NEN OI -FN CHOI DESH A
YET VI- DER FRI-MOR-GN ZI KUMT TZU MIR TZU-LOI- FN
LE- RN ICH MIT CHA- NE-LEN OIF A NA- YEM OI -FN

בין איך מיר א לערעל און לערן לשון קודש,
קומט צו מיר א חנהלע לערנען אויפן חודש,
א יעטווידער פרימאָרגן, זי קומט צו מיר צו לויפן,
לערן איך מיט חנהלען — אויף א נייעם אופן.

ראש, פארטייטש איך חנהלען, גלעטנדיק איר קעפל,
פרעגט זי וואָס תפוח מיינט — ווייז איך איר אן עפל.
און אז עס קומט צו דעם שיר השירים זאָגן,
הייבן אונזערע הערצעלעך שטארקער אָן צו שלאָגן.

איך לערן אלעס חנהלען, וויל קיין זאך ניט היפן;
קומט צו ישקני — קוש איך אירע ליפן.
קומט צו תחבקני, מאך איך ניט קיין שהיות,
כ'נעם ארום מיין חנהלען, אוי, איז דאָס א חיות.

קומט זי אין פרימאָרגן, זאָגט זי צו מיר שלום!
און אז זי גייט אוועק — בלייב איך ווי אין חלום
עס גייט אוועק א וואָך — עס גייט אוועק א חודש,
און די שיינע חנהלע — קען שוין לשון קודש.





# העי, ציגעלעך

פון מרדכי געבירטיג

*Moderato*

העי, ציגעלעך, קומט אַהער צו מיר געשווינד,
אַ שיין לידעלע וועל איך אויפזינגען אײַך אַצינד,
ביס: פון אַ פּאַסטעכל הייבט דאָס לידעלע זיך אָן
און אַ מיידעלע וואָס האָט כישוף אים געטאָן.

העי, ציגעלעך, הערט וואָס ווײַטער איז געשען:
לוסטיק, לעבעדיק איז אַמאָל ב'פּאַסטעכל געווען,
ביס: הײַנט ווי אומעטיק, קוקט די שעפּעלעך נישט אָן,
בענקט נאָכן מיידעלע וואָס האָט כישוף אים
געטאָן.

העי, ציגעלעך, הערט פון לידעלע דעם סוף:
ווי יתומימלעך בלאָנדזשען איצט זײַנע בידנע שאָף,
ביס: טיף אין טײַבעלע ליגט דאָס פּאַסטעכל נאָך
הײַנט
און דאָס מיידעלע זיצט באַם וואַסערל און
וויינט.

# שמוליק, גאווריליק

*Con Moto*

SHMU- LIK, GAV- RI- LIK, CHA- VEI- RIM-LACH TZVEI, SHPI-LN ZICH BEI- DE. KAIN
GLAI- CHN TZU ZEI. IN FERD-LACH, MIT SHVERD-LACH, IN ZAMD UN IN ERD.
SHMU- LIK DER SHMAI-SER, GAV- RI- LIK DER FERD. RI- LIK DER FERD.
SHMU- LIK, GAV- RI- LIK, ZEI VAK- SN ZICH OIS. LIGT ZEI IN ZI- NEN A-
ME- RI- KE IZ GROIS. GE- KU- MEN TZU SHVI- MEN TZU GOL- DE- NER
ERD. SHMU- LIK DER SHMAI-SER GAV- RI- LIK DER FERD.

שמוליק, גאווריליק, חברימלעך צוויי,
שפּילן זיך ביידע, קיין גלייכן צו זיי —
אין פערדלעך, מיט שווערדלעך,
אין זאמד און אין ערד,
שמוליק — דער שמייסער,
גאווריליק — דער פערד.

שמוליק, גאווריליק, זיי וואקסן גיך אויס,
ליגט זיי אין זינען — אמעריקע איז גרויס.
געקומען צו שווימען
צו דער גאָלדענער ערד —
שמוליק — דער שמייסער,
גאווריליק — דער פערד.

שמוליק, גאווריליק אין גאָלדענעם לאנד;
שמוליק — א באָס, גאווריליק — זיין „האנט".
שמוליק — אין הימל,
גאווריליק — אין דער ערד —
שמוליק בלייבט שמייסער,
גאווריליק בלייבט פערד.

שמוליק, גאווריליק, קיין פריינט שוין ניט מער,
שמוליק א לענדלאָרד, א יחסן איז ער.
גאווריליק, זיין שכן, אין בעיסמענט, אין דער ערד —
שמוליק בלייבט שמייסער,
גאווריליק דער פערד.

## א פאַסטוכל אַ טרוימער

פון ז. וויינפּער —

מוזיק יעקב ראַפּעפּאָרט

האָט א פאסטוכל, א טרוימער
ליב געהאט צום הימל קוקן
האָבן זיך פון אונטער ביימער
וועלף גענומען רוקן.
האָבן שעפּסעלעך געבעקעט,
האָבן ציגעלעך געמעקעט,
און דעם פאסטוך מיטן שטעקן
נישט געקאָנט דערוועקן.

ווען דאָס פאסטוכל, דער טרוימער
האָט צום הימל זיך פארקוקט,
האָבן וועלף פון הינטער ביימער
צעשערעדע פארצוקט.
האָבן שעפּעלעך געבעקעט,
האָבן ציגעלעך געמעקעט
און דעם פאסטוך מיטן שטעקן
נישט געקאָנט דערוועקן.

און ווען דאָס פאסטוכל,
דער טרוימער
האָט א היים זיך שוין געקליבן
זיינען אונטער אלע ביימער
ביינדלעך בלויז געבליבן.
קיינער האָט שוין נישט געבעקעט,
קיינער האָט שוין נישט געמעקעט,
אזא פאסטוך מיט א שטעקן
מעג די ערד פארדעקן!

## אַי, אַ וועלטל...

(פאָלקס־ליד)

רבונו של עולם,
האַרציקער פאָטער דו,
ווי לאַנג וועל איך וואַרטן,
איך קאָן מער ניט שווייגן דאָ,

איך מוז מיר באַקלאָגן,
איך מוז דיר זאָגן — אי
דיין וועלטל די שיינע
איז ניט אַזוי אַי, אַי, אַי,
אַי, אַי־אַי, אַי־אַי, אַי־אַי.

איך אַרבעט און האָרעווע
און האָב קוים אַ שטיקל ברויט,
גרויס איז דער דלות,
גרעסער נאָך איז די נויט.
איך דאַוון דאָך טעגלעך,
דאָך ווי איז מעגלעך — אַי
איך האַלט פון תעניתים
און לעב ווי די מתים — אי,
אַי־אַי־אַי־אַי־אַי־י־אי.

איך מוז מיר באַקלאָגן א. אַז. וו.

די גבירים געגעבן
האָסטו אין פולער צאָל,
וואַרפן זיי מיר אַ ביינדל
אויך צו אַמאָל.
צדקה זיי שיינקען
און איך הויב אָן דענקען — אַי,
אַז דיך קען מען קויפן
אויף אַזאַ אופן — אַי,
אַי־אַי־אַי־אַי־י־אי.

איך מוז מיר באַקלאָגן א. אַז. וו.

# דעם רבינס ניסים

איך וועל זינגען דאָ פּאָר אייך
ניסים פון רבים,
און איר אַלע, דאָ מיט מיר
וועלן זיך טאַקע פרייען,
פון פּאַרוסטער און פּאַקוסטער
און פון סאַדיגורער,
ניסים, אַז די האָר פון קאָפּ
וועלן זיך שטעלן קאַפּויר . . .

טשערעבים, טשערעבאָם,
טשערעבימבאָם־באָם באָם באָם. } 2

צו מיין רבין פון בעטשוטש,
רבי יאַנקעלע גדליה׳ס,
קומט אַ ייד נעבעך קרום,
דערצו נאָך אויף צוויי קוליעס.
וואַרף אַוועק די קוליעס, זאָגט ער אים,
פאַרגלאָצט שטאַרק מיט די אויגן.
ווי דער ייד האָט אים געפאָלגט
האָט ער זיך אויסגעצויגן . . .
טשערעבים א. אַז. וו.

עס איז ערב־שבת, ווי איז מיר,
מ׳וועט שוין באַלד ניט טאָרן,
און דער רבי צו דעם שטעטל
האָט נאָך וויט צו פאָרן.
איז וואָס־זשע טוט ער,
נעמט ער און באַשווערט
דעם פערד און דעם שליטן
שבת דאָ און שבת דאָרט,
דער רבי פאָרט אינמיטן . . .
טשערעבים א. אַז. וו.

שבת ביי דעם רבינס טיש,
ס׳איז געווען בין השמשות,
פאַרוואָרפט אַ ייד מיטן קאָפּ
און פאַלט באַלד אין חלשות.
איז ווי דער רבי האָט זיך נאָר
צוגערירט צום קרבן,
איז גלויבט עס יאָ, צי גלויבט דאָס ניט,
דער ייד איז באַלד געשטאָרבן . . .
טשערעבים א. אַז. וו.

# אָי, דער שאַפּ

פון סעם ליפּצין  מעלאָדיע: „יאָסל בער״

ווי דער זייגער טוט אַ קלונג,
גיב איך גלייך פון בעט אַ שפּרונג,
און איך כאַפּ די קליידער, שיך,
לויף אַוועק אין שאַפּ אויף גיך.

אוי, גוואַלד, דער שאַפּ איז ווי
אַ וואַלד,
ווי אַ חיה לויפט דער באָס —
אומעטום ער שטופּט די נאָז!„ } 2
עס דרייט די פּלייצע, שטעכט די זייט,
נאָר פאַר קרעכצן, ניטאָ קיין צייט.

איך מוז יאָגן גיך, געשווינדט,
ווייל עסן וויל דאָס ווייב און קינד . . .
גיך דער סיזאָן לויפט אַוועק,
און עס קומט גאָר אָן אַ סלעק.
פּוסט דער טייסטער אָן אַ סענט,
און ליידיק הענגען מיר די הענט . . .

גיי איך מיר אַרויס אין מאַרק,
זוך אַ יאָך מיר אויף מיין קאַרק.
דריי איך זיך דערשלאָגן שטיל,
דאָ קרעכצן מעג איך פיל איך וויל .

# דריי טעכטערלעך

פון מרדכי געבירטיג

ווען מיט מזל, געזונט און לעבן
ס'עלטסטע טעכטערל מיר וועלן אויסגעבן
וועל איך טאַנצן מיר האָפּ, האָפּ!
אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ,
וועל איך טאַנצן, אוי, וועל איך טאַנצן —
אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ.

שפּילט, קלעזמאָרים! שפּילט מיט לעבן —
ס'ערשטע טעכטערל היינט אויסגעגעבן,
נאָך געבליבן אונדז מיידלעך צוויי,
ווי האַלט מען שוין ביי זיי!
שפּילט, קלעזמאָרים, נעמט די כלי־זיין!
זאָל די גאַנצע וועלט מיט אונדז זיך פרייען,
אוי, אונדזער שמחה ווייסט נאָר איין גאָט
און דער וואָס טעכטער האָט.

ווען כ'וועל זען שוין דאָס צווייטע מיידל
אָנגעטאָן אין ווייסן חופּה־קליידל,
וועל איך טרינקען און פריילעך זיין —
אַראָפּ פון האַרץ אַ שטיין,
וועל איך טרינקען, אוי, וועל איך טרינקען,
אַראָפּ פון האַרץ אַ שטיין.
שפּילט, קלעזמאָרים, הייבט אָן שניידן!
ס'צווייטע מיידל גיבן מיר אויס אין פריידן,
דאָס מיזיניקל נאָך האָבן מיר,
ווי האַלט מען שוין ביי איר.
שפּילט, קלעזמאָרים, פאַר אונדז מחותנים,
זאָלן אַ לעב טאָן אויך אַמאָל קבצנים,
אַ קינד אויסגעגעבן, אוי, גאָטעניו,
אַ מיידל נאָך דערצו.

## דריי טעכטערלעך

וועז בײַם לעצטן כ'וועל שפּילן הערן,
וועל איך עפּעס טרויעריק שטיין און קלערן —
ס'לעצטע טעכטערל שוין אויך אַוועק,
וואָס נאָך איז דאָ דער צוועק?
ס'לעצטע טעכטערל, אוי, ס'לעצטע טעכטערל,
וואָס נאָך איז דאָ דער צוועק?

שפּילט, קלעזמאָרים! באַזעצט די כּלה,
צוגענומען אונדז די קינדער אַלע,
שווער געווען אונדז די טעכטער דרײַ
אוי, שווערער נאָך אָן זיי.
שפּילט, קלעזמאָרים, אַרויס אונדז טרערן,
ס'לעצטע בעטל וועט הײַנט ליידיק ווערן,
ס'גאַנצע שטיבל, איר קליידער־שאַנק —
אוי־וויי, ווי פּוסט און באַנג.

## היטלער'ס מפּלה

פון אָנקל סעם

(מעלאָדיע פון „זינג איך מיר אַ לידעלע")

גערופן ט'ער זיך „פירער" און זיך געהאַלטן ווי אַ זייל,
געהויבן האָט מען הענט אים מיט אַ לאַנגן „העיל".
האָבן די הענט באַפרייט זיך און געגעבן אים אַ פּסק —
און אַלע האָבן צוגעפּאַטשט: האָפּ־טשאַק־טשאַק.

געווען איז ער אַ „פירער" מיט חוצפּה גאָר אַ סך.
האָבן די פעלקס־מאַסן גענומען און געגעבן אים אַ קראַך.
צעלאָפן זיינען די „העלדן" אָן האַק און אָן פּאַק.
און אַלע האָבן צוגעפּאַטשט: האָפּ־טשאַק־טשאַק.

געמאַכט האָט ער אַן „אַקס" זיך און צוגעפּאַסט זיין ראָד,
געפירט האָט ער די נאַציס — אין אַ „רוסיש באָד"...
האָבן זיי נעקראָגן „פּאַרע"... און „געבעזעמט מיט אַ קנאַק...
און אַלע האָבן צוגעפּאַטשט: האָפּ־טשאַק־טשאַק.



# רבנו תם

איציק מאנגער — מוזיק · הערש רוב

לאָמיר זינגען אַ שיינע ליד
איידל, דידל, דאַם.
ווי די גאָלדענע פּאַווע פליט
איבערן שוואַרצן ים,
און טראָגט א ליבע בריוועלע,
אַ שיינע ליבעס בריוועלע
צום רבנו תם (2).

ווער האָט געשריבן דאָס בריוועלע
איידל, דידל, דאַי,
דאָס בריוועלע האָט געשריבן
די מלכה פון טערקיי.
געשריבן עס מיט רויטן טינט
און פארחתמעט עס געשווינדט
מיט הייסע טרערן דריי (2)
וואָס שטייט געשריבן אין בריוועלע
איידל, דידל, דו,
רבנו תם איך ליבע דיך
און וואָס זשע שווייגסט דו, נו,
איך עסע ניכט, איך טרינקע נישט
איך ווער צוזעצט פון בענקעניש,
איך האבע קיינע רו (2)
וואָס זשע זאָגט רבנו תם
איידל, דידל, דע,
ער גלעט די פאות און די באָרד
און מאַכט דריי מאָל : פע ;
און דאָס ציגעלע אין שטאַל
און דאָס ווייסע ציגעלע
העלפט אים אונטער — מע. (2)
נו, און זי, די רביצין,
איידל, דידל, דאַי,
זי שלאָגט אים מיט אַ וואַלגער האָלץ
און מאַכט צו אים אַזוי :
שיקסעס ליגן דיר אין זין
און יאך, און יאך, און יאך וואו בין
דיין הייס געליבטע פרוי (2)
ווער האָט דאָס ליד געמאַכט
איידל, דידל, דאַם.
א שניידער יונג האָט עס געמאכט
לכבוד דעם רבנו תם,
און שבת, צווישן טאָג און נאַכט,
האָט א לץ אַריינגעלאכט
אַקוראַט צום גראַם. (2)

# יאַנקעלע

טעקסט: מ. געבירטיג

שלאָף־זשע מיר שוין, יאנקעלע מיין שיינער,
די אייגעלעך די שוואַרצינקע מאַך צו.
אַ יינגעלע וואָס האָט שוין אַלע ציינדעלעך,
מוז נאָך די מאַמע זינגען איי־ליו־ליו.

אַ יינגעלע וואָס האָט שוין אַלע ציינדעלעך,
און וועט מיט מזל באַלד אין חדר גיין,
און לערנען וועט ער חומש און גמרא,
זאָל וויינען ווען די מאַמע וויגט אים איין?

אַ יינגעלע וואָס לערנען וועט גמרא,
אָט שטייט דער טאַטע, קוועלט און הערט זיך.
אַ יינגעלע וואָס וואַקסט אַ תלמיד חכם,
לאָזט גאַנצע נעכט דער מאַמען ניט צורו?

אַ יינגעלע וואָס וואַקסט אַ תלמיד חכם,
און אַ גענייטער סוחר אויך צוגלייך,
אַ יינגעלע אַ קלוגער חתן בחור,
זאָל ליגן אַזוי נאַס, ווי אין אַ טייך?

נו שלאָף־זשע מיר, מיין קלוגער חתן בחור,
דערווייל ליגסטו אין וויגעלע בײַ מיר ...
ס'וועט קאָסטן נאָך פיל מי און מאַמעס טרער
ביז וואַנען ס'וועט אַ מענטש אַרויס פון דיר.

# ליד פון אַ קאַלווירטקע

ס'איז דער סטעפּ שוין אָפּגעשאָרן,
און שוין אַלץ צונויפגענומען.
ליבסטער מיינער, קום צופאָרן,
איך וועל וואַרטן אויף דיין קומען.

די אַרבוזן זיינען צייטיק,
ס'גיים די זאַפט פון זיי אַריבער,
פול מיט זיסקייט אָנגעגאָסן,
ווי מיין האַרץ איז פול מיט ליבע.

און די קאַרשן, ליבסטער מיינער,
זיינען שוואַרץ ווי דיינע אויגן.
אָנגעשאָטן אויף די ביימער
און די צווייגן זיך אַזש בויגן.

קום צופאָרן, ליבסטער מיינער,
און גענוג שוין אונז צו טרוימען
רייף און צייטיק איז מיין ליבע,
ווי ס'איז צייטיק מיינע פלוימען.

# קון מאַ צען

טעקסט: שרה בארקאן   מחיק: י. שראגין




גלייך שוין אויס מיין קינד דעם רוקן.
דארפֿן מיר זיך מער ניט בוקן.
כ'האב פֿאר דיר א ניי געזאנג
צינגא צאַנגא־צינגא צאַנג.

זע דיין מאַמע גלייכט זיך אויס.
אונזער לאַנד איז פריי און גרויס.
קוש מיך קליינער, קון מא צען.
צינגאַ—צאַנגאַ—צינגאַ—לען.

דארף דיין מאַמע ניט זיין קיין פערד
אונזער זון און אונזער ערד.
פריי זיך קליינער, קון מא צען.
צינגא לילאַ—צינגא לען.

וועסט ניט זיין מער דאַר און קליין,
וואַקסן וועסטו שטאַרק און שיין.
הויב אָן לאַכן, קון מא צען.
צינגאַ—לילאַ—צינגאַ—לען.



# אַ פֿידלער

טעקסט : ש. צעסלער

מוזיק : י. וואָלאָוויטש

ס'האָט דער טאַטע פֿון יאַרידל
מיר געבראַכט אַ נייעם פידל ;
דאָ, רע, מי, פֿאַ, סאָל, לאַ, סי,
שפיל איך : טידל, די, די, די.

דעם רעכטן טראָט אַרויס אַביסל,
קלאַפּ דעם טאַקט צו מיטן פיסל :
דאָ, רע, מי, פֿאַ, סאָל, לאַ, סי,
שפיל איך : טידל, די, די, די.

כ'האַלט דאָס קעפּל אָנגעבויגן
און פֿאַרגלאָץ די ביידע אויגן :
דאָ, רע, מי, פֿאַ, סאָל, לאַ, סי,
שפיל איך : טידל, די, די, די.

קוועלט און וואונדערט זיך די מאַמע,
אַ מישאַ עלמאַן וואַקסט מסתמא :
דאָ, רע, מי, פֿאַ, סאָל, לאַ, סי,
שפיל איך : טידל, די, די, די.

# קאָרטן שפּילן איז אַן אומגליק

(מעלאָדיע פון „אוי, אַ ליבע איז אַן אומגליק אויף דער וועלט")

פון כעם ליפּצין

שפּילן קאָרטן איז אַן אומגליק אויף דער וועלט.
אין יעדער הויז, וואו דאָס קומט נאָר אַריין,
עס קאָסט־אָפּ אַזוי פיל צייט און געלט,
דערצו איז דאָס מענטשלעך ניט־פיין.
פאַרוואָס ניט לערנען בעסער צו וויסן
און עפּעס דער מענטשהייט גאָר ברענגען?
קאָרטן מאַכט פון אַלץ אָפּגעריסן,
קאָרטן ברענגט — שיסן און הענגען.

גרופּן זיצן טאָג און נאַכט אַרום טיש.
קאָרטן איז דער „תהילים" און ס׳בענטשן.
יעדער איינער גיט אַ טאַש און אַ מיש,
און לאַכט נאָך פון אַנדערע מענטשן.
וואָלט נישט בעסער זיין צו נעמען
אַ בוך, איידער אַ „האַנט" אין אַ פּויקער?
דאָס בוך וועט אייך ניט פאַרשעמען,
די קאָרטן — זיי שאַפן אַ הויקער.

ליגן קינדער הפקר אין גאַס,
טאַטע־מאַמע פאַרנומען ביי דער „געים".
שפּילן קינדער זיך אויך ווי אין שפּאַס
אין טאַטע, אין מאַמע, אין היים...
זיי לערנען זיך אויסעט דאָס שפּילן
און מאַכן צו־שאַנד אונזער פּנים.
זיי פאָלגן נאָך די עלטערנ׳ס צילן —
„מעשי אבות ירשו בנים"...



## טרינקט דער קייסער טיי

רבותי, רבותי! חכמים אָן אַ ברעג!
כ׳וועל איך פרעגן, כ׳וועל איך פרעגן?
נו פרעג־זשע, פרעג־זשע, פרעג!
ענטפערט אַלע אויף מיין שאלה:

ווי אַזוי טרינקט דער קייסער טיי?
מ׳נעמט אַ היטעלע צוקער,
און מ׳מאַכט אין דעם אַ לעכעלע,
און מ׳גיסט אַריין הייס וואַסער,
און מ׳מישט, און מ׳מישט,
אוי אַט אַזוי, אוי אַט אַזוי,
אַט אַזוי טרינקט דער קייסער טיי...

רבותי רבותי און אַזוי ווייטער...

ווי אַזוי עסט דער קייסער-בולבעס?
מ׳נעמט אַ פעסעלע פוטער,
און מ׳שטעלט אַוועק דעם קייסער אויף
דער אַנדערער זייט,
און אַ ראָטע סאָלדאַטן מיט האַרמאַטן,
שיסן די בולבעס, דורך דער פוטער,
דעם קייסער גלייך אין מויל אַריין.
אוי, אַט אַזוי, אוי אַט אַזוי,
אַט אַזוי עסט דער קייסער בולבעס.

רבותי, רבותי און אַזוי ווייטער...

ווי אַזוי שלאָפט דער קייסער ביינאַכט?
מ׳שיט אָן אַ פולן חדר מיט פעדערן,
און מ׳כמאַליעט אַהין אַריין דעם קייסער,
און דריי פּאָלק סאָלדאַטן,
שטייען אַ גאַנצע נאַכט און שרייען, שאַ! שאַ!
אוי אַט אַזוי, אוי אַט אַזוי,
אַט אַזוי שלאָפט דער קייסער ביינאַכט...

## זשומען בינען

זשומען בינען, בינען זשומען,
עס קלינגט פון ווייטן אַ גאַרמאָניק.
און אַרום איז וואַלד און בלומען,
און די לופט איז זיס ווי האָניק.
(רעפריין)

אַי, סאַראַ רחבות, קיין עין־הרע,
עס איז די ערד מיט זאַפט פאַרגאָסן.
מאַכן האָניק איז געוואָרן
שוין אַ יידישע פרנסה.

שטייען בינשטאָקן איך רייען,
עס איז די נאַכט אַזוי לבנהניק.
זאָלן זיך די קינדער פרייען
מיטן זיסן לינדן האָניק.
(רעפריין)

עסן געזונט דעם האָניק זיסן,
צווישן פעלדער, וועלדער בלויע
וועט געדיכטער האָניק פליסן,
עסט געזונט און האָט הנאה.
(רעפריין)

## קעגן גאָלד פון זון
(אידיש־סאָוועטישע פאָלק־ליד)

קעגן גאָלד פון זון גייט אויף מיין גאָלד פון ווייצן,
קעגן גאָלד פון זון גייט אויף מיין גאָלדן גליק.
נייע האָריזאָנטן רופן מיך און רייצן,
נייע לידער זינג איך, — אידישער מוזיק.

גייט די אַרבעט פריילעך פון גאַנץ פרי ביז אָוונט,
זון — איז מיין הודאָק; און פעלד איז מיין פאַבריק.
נעכטן, שכנים ווייטע — היינט, שוין אַזוי נאָענט,
אוקראַינער פויער, אידישער מוזיק.

# דער ספוטניק

ווערטער: פון סעם ליפּצין　　　מוזיק: פון יוסף שראַגין

Mod.

Verse

A NAI - E VELT ITST KIN - DER FREIT SICH ZET NOR VI DER SPUT-NIK DREIT—SICH

ZET VOS MENTSH KON ALTS OIS - -KLE— RN VI TSU FLI— EN IN DI SFE— RN

MAI - LN MAI - LN IN DI HOI— CHN MIT DEM HANT DEM HI - ML GREI— CHN

MAI—LEN MAI - LN IN DI HOI— CHN MIT DER HANT DEM HI - ML GREI— CHN

CHORUS

ZEI-DE UN BO - BE IN-GL UN MEI—DL A - - LE A — LE A - - RAIN IN DREI— DL —

HEI PRO-FE - SOR ——HEI LA -TUT - NIK LO - MIR FLI - EN IN DEM SPUT—NIK

HEI PRO-FE—SOR —— HEI LA -TUT—NIK LO — MIR FLI -EN IN DEM SPUT - NIK

א נייע וועלט איצט, קינדער פרייט זיך,
זעט נאָר ווי דער ספוטניק דרייט זיך,
זעט וואָס מענטש קען אַלץ אויסקלערן,
ווי צו פליען אין די ספערן.
מיילן, מיילן אין די הויכן --
מיט דער האַנט דעם הימל גרייכן.

זיידע און באָבע, אינגל און מיידל,
אַלע, אַלע, אַריין אין דריידל.
העי פּראָפעסאָר, העי לאַטוטניק --
לאָמיר פליען אין דעם ספוטניק.

אויפן מילך־וועג זיך דורכפאָרן.
זיין צו גאַסט ביי מעטעאָרן.
ניט מיט שיפן, ניט מיט באַנען --
מיט אַ ספוטניק מענטש וועט שפאַנען.
אַ נייעך לעבן אַ גן עדן —
לאָמיר זען דאָס אַלץ אין פרידן.
(זיידע און באָבע).

מענטש וועט פליען ווי קאָמעטן,
צו דערגרייכן די פּלאַנעטן.
אויך צו דער זון און די לבנה
פליען וועט מען אָן סכנה.
אַזאַ יאַזדע איז ניט קיין חלום,
הימל און ערד עליכם שלום.
(זיידע און באָבע)





# אויפן וועג שטייט אַ בוים

פון איציק מאַנגער

אויפן וועג שטייט אַ בוים, שטייט ער איינגעבויגן.
אַלע פויגל פון דעם בוים זיינען זיך צעפלויגן.
דריי קיין מזרח, דריי קיין מערב, און די רעשט קיין דרום.
און דעם בוים געלאָזט אַליין, הפקר פאַרן שטורעם.

זאָג איך צו דער מאַמען, הער, זאָלסט מיר נאָר ניט שטערן,
וועל איך, מאַמע, איינס און צוויי באַלד אַ פויגל ווערן.
איך וועל זיצן אויפן בוים און וועל אים פאַרוויגן
איבער ווינטער מיט אַ טרייסט, מיט אַ שיינעם ניגון. (טראַ־לאַ־לאַ־לאַ)

וויינט די מאַמע, איציק קרוין, און זי וויינט מיט טרערן,
ועסט חלילה אויפן בוים מיר פאַרפראָרן ווערן.
זאָג איך: מאַמע, ס׳איז אַ שאָד דיינע שיינע אויגן.
איידער וואָס. און אײדער ווען ווער איך מיר אַ פויגל.

זאָגט די מאַמע: איציק, קינד, נעם, אום גאָטעס ווילן,
נעם כאָטש מיט אַ שאַליקל, זאָלסט זיך ניט פאַרקילן.
די קאַלאָשן טו דיר אָן, ס׳גייט אַ שווערער ווינטער
און די קוטשמע רוק אַראָפּ, ווי איז מיר, און ווינד איז מיר. (טראַ־לאַ־לאַ־לאַ)

און דאָס ווינטער־לאַיבל נעם, טו דאָס אָן, דו שוטה.
אויב דו ווילסט ניט זיין אַ גאַסט צווישן אַלע טויטע.
כ׳הייב די פליגל, ס׳איז מיר שווער, צו פיל, צו פיל זאַכן,
האָט די מאַמע אָנגעפּעלצט דעם פייגעלע, דעם שוואַכן.
קוק איך טרויעריק מיר אַריין אין דער מאַמעס אויגן,
ס׳האָט איר ליבשאַפט ניט דערלאָזט ווערן מיר אַ פויגל. (טראַ־לאַ־לאַ־לאַ)

אויפן וועג שטייט אַ בוים, שטייט ער איינגעבויגן,
אַלע פויגל פון דעם בוים זיינען זיך צעפלויגן.

---

# צאינה

צְאֶינָה, צְאֶינָה, צְאֶינָה, צְאֶינָה
הַבָּנוֹת וּרְאֶינָה —
חַיָּלִים בַּמּוֹשָׁבָה!
אַל־נָא, אַל־נָא, אַל־נָא, אַל־נָא,
אַל־נָא תִּתְחַבֶּאנָה —
מִבֶּן חַיִל אִישׁ צָבָא!

צְאֶינָה, צְאֶינָה, צְאֶינָה, צְאֶינָה
הַבָּנוֹת וּרְאֶינָה —
חֲלוּצִים בַּמּוֹשָׁבָה!
אַל־נָא, אַל־נָא, אַל־נָא, אַל־נָא,
אַל־נָא תִּתְחַמֵּקְנָה —
מִבֶּן חַיִל אִישׁ צָבָא!

# די גרינע קוזינע

טעקסט : י. לייזעראָוויטש




צו מיר איז געקומען אַ קוזינע,
שיין ווי גאָלד איז זי געווען, די גרינע.
בעקעלעך ווי רויטע פּאָמעראַנצן,
פּיסעלעך וואָס בעטן זיך צום טאַנצן.

הערעלעך, ווי זיידן־וועב געלאָקטע,
ציינדעלעך, ווי פּערעלעך געטאָקטע,
אויגעלעך, ווי הימל־בלוי אין פרילינג,
ליפּעלעך, ווי קאַרשעלעך אַ צווילינג.

נישט געגאַנגען איז זי, נאָר געשפּרונגען,
נישט גערעדט האָט זי, נאָר געזונגען,
לעבעדיק און פריילעך יעדע מינע —
אָט אַזאַ געווען איז מיין קוזינע!

און אַזוי אַריבער זיינען יאָרן,
פון קוזינע איז אַ תל געוואָרן,
„פּעידעס" האָט זי וואָכנלאַנג געקליבן,
ביז פון איר איז גאָרנישט ניט געבליבן.

היינט, אַז איך באַגעגן מיין קוזינע,
און איך פרעג איר: „ס'מאַכסטו עפּעס, גרינע?"
זיפּצט זי אָפּ, און כ'לייען אין איר מינע:
„אַזאַ מזל. אויף קאָלאָמבוס'עס מדינה!"

# איך בין דער באָס ביי מיר אין שאַפּ

פון זוני מאוד — מעלאָדיע: „איך בין אַ באָרדער ביי מיין ווייב"

קומט אַן אָפּערעיטאָר
אַ „ציציליסט", אַ רויטער,
האָב איך פון אים צרות
אָן אַ נעק, נעק, נעק.
איך האָב פיינט די זאַכן,
ביי מיר גאָר סטרייקס צו מאַכן,
נעם איך און איך שיק אים
באַלד אַוועק, וועק, וועק.
(רעפריין).

ווייל איך בין דער באָס,
ביי מיר אין שאַפּ, שאַפּ, שאַפּ,
די אַרבעט מוז לויפן
האָריאָפּ, יאָפּ, יאָפּ.
איך האָב פיינט אינמיטן דערינען,
אַז מ'זינגט ביי די מאַשינען,
ווייל איך בין דער באָס
ביי מיר אין שאַפּ, שאַפּ, שאַפּ.

נעמען „ציצאַליסטן",
גלאַט אַזוי אומיסטן
און זעצן זיך אַוועק
אין אַ זעץ, זעץ, זעץ.
איך וואָלט בנאמנות
גענומען ווען איך קען עס
אויסגעראָטן אַלע
ווי די רעטס, רעטס, רעטס.
(רעפריין).

די געלטער, גאָט צו דאַנקען,
ליגן אין די באַנקען,
לעב איך מיר אַ לעבן
ווי איך וויל, וויל, וויל.
די ווייב, מיינע קינדער,
וואוינען זיך באַזונדער,
יעדערער האָט זיין אויטאָמאָביל,
ביל, ביל.

(רעפריין).

די דאָקטער אין מיאַמי,
אין פּאַריז די מאַמע,
און דער זון וואוינט
אין אָריענט, יענט, יענט.
און איך, גדליה נאָבל,
לעב זיך מיר אָן טראָבל,
בין איך מיר אין שול
אַ פּרעזידענט, דענט, דענט.
(רעפריין).

# פריילעכער קבצן

פון אָנקל סעם (מעלאָדיע: „יאַ פּאָידו פּאָ גאָראָדו")

איך בין א יאַט א פרייער,
אין קעשענע קיין דרייער.
איז דער מאָגן ביי מיר פוסט
דאָך מיין קאָפּ איז ציל־באַוואוסט.
שריי איך מיר מיין טענה
די וועלט איז דיינע, מיינע.
קעמף מיט מוט, עס וועט זיין גוט,
דער מאָרגן קומט אונז!

שטענדיק פריילער, גמונטער,
אין קאַמף איך זינג אויך אונטער.
איז די לאַגע מיינע שווער,
קעמף איך שטאַרקער, קעמף איך מער!
שריי איך מיר מיין טענה
די וועלט איז דיינע, מיינע
קעמף מיט מוט, עס וועט זיין גוט!
דער מאָרגן קומט אונז!

# האָבן מיר אַ ניגונ׳דל
(פאָלקס־ליד)

האָבן מיר אַ ניגונ׳דל, זינגען מיר צוזאַמען
זינגען מיר עס, זינגען מיר עס, קלינגט עס אַזוי שיין,
דאָס האָט נאָך געזונגען, דער טאַטע מיט דער מאַמען,
ווען זיי זיינען קינדערלעך געווען . .

אָט אַזוי־זשע ווי דער ניגון קלינגט אַצינדער,
אַזאַ פריילעכס, אַזאַ פריילעכס, זינגט־זשע קינדער,
אָט אַזוי־זשע, ווי דער ניגון קלינגט אַצינדער,
אַזאַ פריילעכס, זאָל מען טאַקע גיין.

האָבן מיר אַ ניגונ׳דל, אין נחת און אין פריידן,
זינגען מיר עס, זינגען מיר עס, קלינגט עס אַזוי שיין,
דאָס האָט נאָך געזונגען, די באָבע מיט׳ן זיידן,
ווען זיי זיינען קינדערלעך געווען. (אָט אַזוי . . . )

האָבן מיר אַ ניגונ׳דל, מיט מזל — און מיט ברכה,
זינגען מיר עס, זינגען מיר עס, קלינגט עס אַזוי שיין,
דאָס האָט נאָך געזונגען, די גאַנצע משפחה,
ווען זיי זיינען קינדערלעך געווען. (אָט אַזוי . . .)

האָבן מיר אַ ניגונ׳דל, זינגען מיר כסדר
זינגען מיר עס, זינגען מיר עס, קלינגט עס אַזוי שיין,
דאָס האָט נאָך געזונגען, דער רבי אין חדר
ווען מיר זיינען קינדערלעך געווען. (אָט אַזוי . . . )

# שלום ליד

לאָמיר אַלע פריילעך זיין,
לאָמיר אַלע זינגען (2).

זינגען פאַר שלום, זינגען פאַר ברויט,
בויען אַ מאָרגן אָן האַס און אָן נויט !

זינגען פאַר שלום, זינגען פאַר ברויט,
בויען אַ מאָרגן אָן האַס, אָן נויט !
בויען אַ מאָרגן אָן נויט ! !



# צו אַ קעמפערין

פון סעם ליפּצין




גיב דיין האַנט מיר בראַווע מיידל,
וואַרף אַ פונק פון אויג צו מיר,
וועל איך ענטפערן מיט פלאַמען,
ווייל עס ציט מיין האַרץ צו דיר.

דיעע אויגן ברענען מונטער,
פול מיט פייער איז דיין בליק.
לאָמיר אויסקעמפן אַ לעבן,
וואָס זאָל פול זיין נאָר מיט גליק.

קום, אינאיינעם לאָמיר קעמפן!
שליסןביידע דאָ אַ בונד,
אויב דעם שונא'ס קויל וועט טרעפן,
וועסטו היילן מיר די וואונד . . .

לאָמיר ביידע גיין צוזאַמען,
זייט ביי זייט, אין איין ריי,
מיט יעדן קוש — אַ קויל דעם שונא,
און מיר שיסן — איינס און צוויי . .

דו אַ רידל — און איך אַ האַמער,
איך טראָג ציגל — און דו ליים,
גליקלעך לעבן וועלן מיר ביידע
אין אַ נייער, פרייער היים.

# חנוכה

טעקסט: מ. ריוועסמאַן — פאָלקס-מעלאָדיע

חנוכה, אוי, חנוכה, אַ יום-טוב אַ שיינער,
אַ לוסטיקער, אַ פריילעכער, ניטאָ נאָך אַזוינער;
אַלע נאַכט אין דריידל שפּילן מיר,
זודיק הייסע לאַטקעס עסן מיר.

געשווינדער,
צינדט קינדער,
די חנוכה ליכטעלעך אָן

לאָמיר אַלע זינגען
2 מאָל און לאָמיר אַלע שפּרינגען
און לאָמיר אַלע טאַנצן אין קאָן.

# ניט יאָרן באַשטימען...

פון בלומע פיינשטיין     מוזיק: פון ל. סטילמאַן

NIT YO-RN BA-SHTI-MEN VEN A MENTSH VERT ALT, NOR DER TOG VEN TSUM
HAINT ZAIN BA-TSI-UNG VERT KALT, MIR HO-BN DEM GLOI-BN MIR HO-BN DEM
SHVUNG MIR KU-KN TSUM MOR-GN MIR ZE-NEN NOCH YUNG MIR
MO-LN UN LEI-NEN UN ZIN — GEN IN CHOR MIR PRA-VEN YON-TOI-VIM, S'IZ
FREI — LECH BIZ GOR BA TI-SHN GE-DEK-TE S'IZ LICH-TIK UN
REIN DI SHTI-MUNG GE-HOI-BN MEN IZ NIT A-LEIN

ניט יאָרן באַשטימען,
ווען ס'ווערט אַ מענטש אַלט,
נאָר דער טאָג, ווען צום היינט
זיין באַציאונג ווערט קאַלט . . .

מיר האָבן דעם גלויבן,
מיר האָבן דעם שוואונג.
מיר קוקן צום מאָרגן —
מיר זיינען נאָך יונג.

מיר מאָלן און לייענען
און זינגען אין כאָר,
מיר פּראַווען יום־טובים —
ס'איז פריילעך ביז גאָר.

ביי טישן געדעקטע,
ס'איז ליכטיג און ריין,
די שטימונג געהויבן —
מען איז ניט אַליין . . .

דער נעכטן — ער דינט
ווי אַ ווייזער פון וועג,
וואָס פירט אונז צו ווייטערע
ליכטיגע טעג.

מונטער מיר שפּאַנען
מיט גאַנג פון דער צייט —
צום ציל, ווען די וועלט וועט
פון שלעכטס זיין באַפרייט.

טאָ לאָמיר זיך ווינטשן:
געניסן נאָך לאַנג —
פון לעבן און שלום,
קולטור און געזאַנג.

מיר האָבן דעם גלויבן,
מיר האָבן דעם שוואונג.
מיר קוקן צום מאָרגן —
מיר זיינען נאָך יונג.

# פאלט א שטערן

ווערטער — יאָסל בוכבינדער          מוזיק — שאָול בלעכאַראָוויטש

Moderato (mit ojsdruk)

Falt a šte - rn nox a šte - rn in dem ain - ge-štil-tn

rojm bin ix on-ge-grejt zu he - rn, ef-šer

falt er af majn bojm Ef-šer bre - nen maj - ne

ble - ter, ef-šer sma-ljet six majn štam —

Xwil nit op-lej-gn af špe-ter, — xwil far-

le - šn ict dem flam. — Az wos me-rer sol mir

blaj-bn šej - ne bej-mer in majn sod Sojn far-lo-rn hob ix

cwaj-gn, je - des ble - tl mir a šod. —

פאלט א שטערן נאָך א שטערן
אין דעם אײַנגעשטילטן רוים.
בין איך אָנגעגרייט צו הערן,
עפשער פאלט ער אף מײַן בוים.
עפשער ברענען מײַנע בלעטער,
עפשער סמאליעט זיך מײַן שטאם.

כיוויל ניט אָפּלייגן אף שפּעטער,
כיוויל פארלעשן איצט דעם פלאם,
אז וואָס מערער זאָל מיר בלײַבן
שיינע ביימער אין מײַן סאָד.
שוין פארלאָרן האָב איך צווײַגן,
יעדעס בלעטל מיר א שאָד.

## אויף בערלין

(מעלאָדיע פון „אָו דהי לאַיון")

פון סעם ליפּצין

פאַר צעשטערן די שוך,
פאַר רויבן האָב־און־גוטס,
פאַר חרוב מאַכן שטאָט,
פאַר אַ מאַמע, אַ טאַטע,
פאַר דער געלער לאַטע,
פאַר געבן דעם נאַצי געבאָט...

אויף בערלין, אויף בערלין,
געקומען טעכטער, זין,
מיט שיף און געשפּאַן,
מיט לופט און אויף באַן,
צום גרויסן יום־הדין!

זיי האָבן געבליצט,
אויף קינדער אומבאַשיצט,
געוואָרפן פייער בראַנד,
מוזייען צעשטערט,
וויסן — פאַרווערט,
פאַרוויסטעט לאַנד נאָך לאַנד. (אויף־בערלין)

פאַר טרייבן אין פרעמד,
פאַר אויסטאָן פון העמד,
פאַר מאַכן פעלקער שאַנד,
פון מענטש אַן אַף,
פון פרייהייט — שקלאַף;
און אַט איז לעצטער ראַנד! (אויף בערלין)

# מיר זאָגן צו

טעקסט: ח. א. סול מוזיק: ח. העלפמאַן

עס רוט דיין פּען, — עס רוען דיינע אויגן,
דאָס גרויסע האַרץ — עס קלאַפּט ניט מער.
מיר שטייען דאָ — ביים קבר איינגעבויגן
און שווערן דיר, מיט אונזער וויטאָג, אונזער טרער:

די פאָן פון קאַמף וואָס דו האָסט הויך געטראָגן,
וועלן מיר טראָגן שטאָלץ אַזוי ווי דו!
ביז וואַנען עס וועט די פרייהייטס שעה ניט שלאָגן
וועלן מיר ניט וויסן פון קיין רו —
מיר זאָגן צו, מיר זאָגן צו.

עס קלאַפּט דיין האַרץ אין הערצער מיליאָנען —
און זינגען קעמפער, זינגסטו מיט מיט זיי!
אין יעדן מאַרש פון פרייהייטס־באַטאַליאָנען
גייסטו פאָראויס — דער ערשטער אין דער ריי!



# הויב אויף דיינע אויגן

טעקסט: באָוושעווער מוזיק: י. שייפער

הויב אויף דיינע אויגן, אָ, פאָלק,
גיי ארויס פון די פינצטערע קעלערן,
הויב אויף דיינע אויגן צו מזרח, צו מערב,
צו צפון און דרום,
און זע די גע'ירשנ'טע אוצרות
און נעם פון דיין ארבעט די פּירות.

אָ, זעסטו די שעפער, באַטראַכט די פאַבריקן?
דאָס שאַפן די מענטשן דעם מענטש זיינע גליקן:
זיי שניידן און שמידן און שאַפן דאָס לעבן,
דאָך פרעגט זיי, די בלייכע, וואָס שאַפן און שוויצן,
ווי גרויס זייער לוין איז און וואָס זיי באַזיצן...

# פאַר פרידן!

פון סעם ליפצין

(אויף דער מעלאָדיע: „אויב ס׳וועט מאָרגן זיין קריג")

האָט צעעפנט די שלאַנג — איר גרויס
מויל, ווי אַ צוואַנג,
און שטשירעט אויף אונז אירע ציינער.
שטעלן מיר זיך אין ריי — מיט דער
פרייהייט־אַרמיי,
און מיר קעמפן אַלע ווי איינער!

אויף דער וואַך, אויף דער וואַך, פאַר
פרידן.
מיר שטייען גרייט — מיטן אויג און
געהער,
געגן שונא פון לאַנד — מיט דער
פאָן אין דער האַנט,
פאַר אַ זיג! פאַר אַ זיג! יאָ, איך
שווער!...

ניט מיט שרעק, וועט פאַשיסט — און
אויך ניט שוואַרצער ליסט,
וועט אונז וואו אין דער וועלט
איבערשרעקן.
די פאַראייניגטע האַנט — וועט
צעברעכן די וואַנט,
זייער פּנים אינגאַנצן אָפּמעקן!
(רעפריין)

אין יו־עס — אַטאָם־מאַן, און אין רוים
— וואַטיקאַן —
וויל אַ וואַנט געגן פרייהייט פּאַרוועבן.
נאָר דער שפּינוועב ווערט שוואַך און
עס שטאַרקט זיך די וואַך —
אינ׳ם קאַמף פאַר דער פרייהייט און
לעבן.
(רעפריין)

לאָזט קיין זאַך ניט אין קאַן — יונג און
אַלט נעמט די פאָן —
געגן שונא און אַלע שאַקאַלן.
מיט מוח און מוט — קעגן קריג, טייכן
בלוט —
זאָל אַ זיג פאַרן פאָלק זיך צעשאַלן!
(רעפריין)

# זאָל זיין א ביסעלע שטיל

זאָל זיין אביסעלע שטיל, שטיל, שטיל!
שטיל זאָל זיין, אביסעלע שטיל,
שטיל זאָל זיין, אביסעלע שטיל, שטיל, שטיל.
(ברומען)

לאָמיר זיך באַפרייען,
לאָמיר זיך באַנייען,
לאָמיר זינגען אָט דעם ניגון,
צו דעם לאַנד, דעם לאַנד דעם פרייען.

# מאָטעלע

**חערטער און מוזיק: מ. געבירטיק**

וואָס וועט דער סוף זיין, מאָטל,
זאָג־זשע מיר?
ב׳יזסט ערגער נאָך פון פריער געוואָרן,
באקלאָגט האָט זיך דער רבי היינט
אויף דיר,
אז דו דערגייסט אים זיינע יאָרן.
ס׳איז נישט גענוג דו ווילסט ניט
לערנען גאָר,
דעם רבין, נעבעך, טוסט דערצערנען,
שלאָגסטו זיך ארום און שפילסט זיך
נאָר
און שטערסט די קינדערלעך דאָס
לערנען.
נישט אמת, טאַטע, וואָס דער רבי
זאָגט,
אַ שלעכטער מענטש, נישטאָ זיין
גלייכן,
פאַרוואָס דערציילט ער ניט ווי אונדז
ער שלאָגט,
זע, טאַטעניו, דעם בלויען צייכן,
כ׳האָב מיט אברהמלען זיך צע־
ווערטלט בלויז,
ער האָט מיין חומשל צעריסן,
דערפאר האָט אונדז דער רבי אויף
זיין שויס
נאָך מיט אַ ניגונדל געשמיסן.

וואָס וועט דער סוף זיין, מאָטל?
ענטפער ד׳רויף:
די שכנים זאָגן, מ׳מוז זיי גלויבן,
דו יאָגסט זיך גאנצע טעג ארום אין
הויף,
און חברסט זיך מיט יאַנעקס טויבן.
צי איז דאָס שיין פאר יידן, זאָג אליין,
מיט טויבן זיך אַרומצויאָגן?
האָסט נעכטן, מאָטל, מיט אַ שטיין
דעם שכנס שויבן אויסגעשלאָגן.
נישט אמת, טאַטע, ס׳איז נאָר קוים
ארויס
אַ שטיקל שויב, מען קען׳ס צוקלעפן.
איך יאָג זיך ניט, איך קוק זיך צו
נאָר בלויז,
ווי שיין די טייבעלעך זיך שוועבן,
ווי פריי זיי שפרינגען זיך ארום אין
הויף
ווי שיין די קערנדלעך זיי פיקן,
ווי שנעל זיי גיבן זיך אַ לאָז אַרויף
ווען זיי אַ פרעמדע טויב דערבליקן.

וואָס וועט דער סוף זיין, מאָטל, כ׳־
פרעג דיך נאָר?
אַ גרויסער יונג, קיין עין-הרע,
ווען איך בין אַלט געוועזן דרייצן יאָר,
געקענט ווי וואַסער די גמרא,
אַ ייד מוז לערנען תורה מיט גרויס
פרייד,
נישט האָבן נאַרישקייטן אין זינען,
אז וואויל דעם מענטש, וואָס איז צו
גאָט, צו לייט,
וואָס קען גוט לערנען און געלט פאר־
דינען.

דער זיידע האָט אַמאָל דערציילט פון
דיר,
פלעגסט אויך נאָך טייבעלעך זיך יאָגן,
ביסט אויך פיל בעסער ניט געווען
פון מיר,
ויין רבי האָט דיך אויך געשלאָגן.
היינט קענסטו לערנען, און האָסט
געלט דערצו,
האָב, טאַטעניו, פאר מיר קיין מורא,
ווען איך וועל ווערן גרויס, וועל איך,
ווי דו,
פארדינען געלט און לערנען תורה.

# סטרייק, סטרייק, סטרייק!

פון סעם ליפּצין

(מעלאָדיע פון „ראָז, דוואָ, טרי, רעביאָ־ישקי מיי״)

די שטונדע האָט געשלאָגן צו ענטפערן דעם רוף;
פון אַלע זייטן קלינגט־שוין אַרבעטער, שטייט אויף!

אײנס, צוויי, דריי! שטעלט זיך אין דער ריי,
מיר מוזן זיך באַפרייען פון יעדער שקלאַפעריי!
סטרייק, סטרייק, סטרייק! צום קאַמף מיט נייעם מוט,
סטרייק, סטרייק, סטרייק! ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט!

מאַשינען זאָלן שווייגן, זאָל פּוסטעווען פאַבריק;
אָן יוניאָן, אָן קאָנדיציעס, מיר גייען ניט צוריק!

יעדער האָט געלערנט, פאַרשטייט איצט גוט דעם זין:
א סקעב צו זיין איז מיאוס, א סקעב דאָס איז א שפּין.

ניט שרעקן זאָל קיין געננסטער, קיין קלאָב פון פּאָליציי.
זאָל זיין נאָר איין ענטפער, אין פּיקעט־ליין איך גיי!

ס'איז אמת, זיי פאַרמאָגן מיליאָנען אָן א שיער,
עס וועט זיי גאָרניט העלפן, די הענט — דאָס האָבן מיר!

# דער פישער

ווערטער: עליזה גרינבלאַט

פאָרט א פישער אויפן ים, ער פאָרט ארוים באַגינען;
ס'וויל דער פישער מן־הסתם, פישעלעך געפינען.
טרא־לא־לא, לא־לא־לא־לא־לא, פישעלעך געפינען.

גיי איך מיר ביים ברעג ארום און טו מיין חלום שפּינען,
אפשר וועל איך ערגעץ־וואו — מיין ליבסטן דאָ געפינען.
טרא־לא־לא, לא־לא־לא־לא־לא — מיין ליבסטן דאָ געפינען.

מורמלען כוואַליעס טרויעריק, — דער ים איז א באַטריבטער;
צי אפשר איז ער גאָר ווי איך — אויכעט א פארליבטער.
טרא־לא־לא, לא־לא־לא־לא־לא — אויכעט א פארליבטער.

קומט דער פישער טרויעריג, ער האָט קיין פיש געפאַנגען;
ווער איך מרה־שחורה'דיג — א חלום איז פארגאַנגען.
טרא־לא־לא, לא־לא־לא־לא־לא — א חלום איז פארגאַנגען.

# דער רבי אלימלך

ווערטער : משה נאַדיר — מוזיק : פאָלקס־מעלאָדיע




אַז דער רבי אלימלך
איז געוואָרן זייער פריילעך,
איז געוואָרן זייער פריילעך,
אלימלך,
האָט ער אויסגעטאָן דעם קיטל,
און האָט אָנגעטאָן דאָס היטל,
און געשיקט נאָך די פידלער די צוויי.
אַז די פידלדיקע פידלער
האָבן פידלדיק געפידלט, } 2
האָבן פידלדיק געפידלט,
האָבן זיי,

און אַז דער רבי אלימלך
איז געוואָרן גאָר שטאַרק פריילעך,
איז געוואָרן זייער פריילעך, אלימלך,
האָט ער אויסגעטאָן די תפילין,
און האָט אויסגעווישט די ברילן,
און געשיקט נאָך די פייקלער, די צוויי.
אַז די פייקלדיקע פייקלער
האָבן פייקלדיק געפייקלט, } 2
האָבן פייקלדיק געפייקלט
האָבן זיי.

# שוואַרצע קאַרשעלעך

שווארצע קארשעלעך רייסט מען און גרינע לאָזט מען שטיין ;
שיינע מיידעלעך נעמט מען און מיאוסע לאָזט מען גיין.

אוי, ווי איז צו מיר און צו מיינע יאָר ;
א ליבע האָב איך געשפּילט פעליגע דריי פערטל יאָר.

וואָס טויג מיר די פּאָלקע מאַזורקע ; אַז טאַנצן קען איך זי ניט.
וואָס טויג מיר דאָס שיינע פיגורקע, אַז נעמען קען איך זי ניט.

וואָס טויג מיר די הענטלעך, די שיינע, אַז גלעטן, גלעטן זיי מיר נישט ;*
וואָס טויג מיר די ליפּעלעך די קליינע, אַז קושן, קושן זיי מיך ניט.

## „אוי, זייט מיר און האָט מיר"

ווייס־רוסיש פאָלקס־ליד באַארבעט פון נ. סאמאראָוו

אוי, זייט מיר און האָט מיר און לעבט אין עשירות,
און מיר וועלן פאָרן צו זיך אין דירות.
מיר האָבן געהוליעט מיט אַלע צוזאַמען,
כ'האָט קיינער געזען נאָך אַ יום־טוב אַזאַ מין.
ביי אייך זיינען פעלדער געדוימע און ברייטע,
מיט ווינטשן אייך יאָרן מיט פריידן פארזייטע,
מיר ווינטשן אייך טייכן מיט וואַסערן העלע,
זאָל שווימען אויף טייכן פון גענדז אַ קאַפעליע.
מיר ווייסן שוין גוט אייער שטוב, אייער געסל,
און גיבן דאָס וואָרט אייך אַז אייך ניט פאַרגעסן,
אַזוי צי אויף יום־טוב שוין קומען מיר וועלן,
און ס'וועלן מתנות שוין דעמאָלט ניט פעלן.

## בויט, אַרבעטער, אַ יוניאָן!

פון סעם ליפצין

(מעלאָדי פון „סאָלידאַריטי פאַרעווער")

צעשראָקן, שטייט דער פּאַראַזיט, עס שאָקלט זיך זיין טראָן,
דער אַרבעטער, ער האָט דערוואַכט; גענומען זיך צום טאָן.
מיט פרישע כוחות לייגט ער איצט אַ נייעם פונדאַמענט —
אַ יוניאָן שטאַרקט די הענט!
בויט, אַרבעטער, אַ יוניאָן! בויט, אַרבעטער, אַ יוניאָן!
בויט, אַרבעטער, אַ יוניאָן! אַ יוניאָן איז אונזער מאַכט!

ניט העלפן וועט דעם „באָס אַגענט" דער „בלעקדזשעק"
מיט דעם „גאָן",
ניט העלפן וועט זיי — פּאָליציי, זיי קאָנען גאָרניט טאָן,
מיר קנעטן ליים און לייגן ציגל — עס וואַקסן שוין די ווענט.
אַ יוניאָן שטאַרקט די הענט!

מיט נייעם גלויבן, פרישן מוט, מיר טראָגן אונזער פאָן,
צום אַרבעטער, אין שאַפּ, אין גאַס, געבן אונזער טאָן.
דעם אייזן שמידן מוזן מיר, כל־זמן דער אייזן ברענט. —
אַ יוניאָן שטאַרקט די הענט!

# שמחה מיט זיין אידענע

פון יאָסל קאָטלער

שמחה האָט געאַרבעט
ביי שלעסער פאַרשידענע,
איז געווען אַ סך אַרבעט ;
האָט אים געהאָלפן זיין אידענע.
דיידא, די דיידא, די דיידא.

האָט זיך אויסגעלאָזט די אַרבעט,
נישטאָ מער קיין שלעסער —
האָט ער באַקומען אַ פּלאַץ
צו קאַטשן פעסער.

פעסער און פעסלעך
אַלע פאַרשידענע,
איז געווען אַ סך פעסער :
האָט אים געהאָלפן זיין אידענע.

האָט זיך אויסגעלאָזט די אַרבעט,
נישטאָ מער קיין פעסער —
האָט ער אויסגעזוכט אַ שטעלע
און געוואָרן אַ פּרעסער.

האָט ער געפּרעסט און געביגלט
קליידער פאַרשידענע,
איז געווען אַ סך אַרבעט :
האָט אים געהאָלפן זיין אידענע.

האָט זיך אויסגעלאָזט די אַרבעט,
נישטאָ וואָס צו פּרעסן —
איז ער געזעסן לידיג,
נישט געהאַט וואָס צו עסן.

האָט ער געהונגערט און געקרעכצט
מיט זיפצן פאַרשידענע,
איז געווען אַ סך קרעכצן
האָט אים געהאָלפן זיין אידענע.

# אַ טענה צו גאָט

(פאָלקס־ליד)

הצלחה נאָ, אין מזל'דיגע שעה,
אָ, גאָטעניו, — אַ נו — גיב דו די מזל'דיגע שעה.
כּל־זמן איך לעב און עס ווארפט אן אָדער זיך אין מיר.
ווי לאַנג נאָך וועל איך וואַרטן און בעטן זיך ביי דיר ?

איך בין דיר מוחל עולם הבאָ, יענע וועלט —
וואָס טויג מיר דאָרטן מזל, ווער דאַרף דאָרטן געלט ?
יענע וועלט פאַר דיר, גאָט, פאַר מיר — אביסל מזל שיך.
מוחל זיבן הימלען פאַר אביסל גליק . . .

מען זאָגט מיר צו — אויף יענער וועלט פיל רו,
דערווייל זיך פּלאָג — און לויף און יאָג
— ווער אויסגעריסן דאָ.
איך קאָן דאָס וועלטל כ'לעבן, אסור מיר פאַרשטיין,
פאַר יענעם קליידער מאַכן און נאַקעט גיין אליין.

מען צווינגט מיר האָרעווען שווער און האַלטן צען געבאָט.
מען וואַרפט מיר צו אַ ביינדל און מען הייסט מיר
דאַנקען גאָט.
וואָס טוט זיך דאָ, אָ, גאָטעניו, ס'איז עפּעס גאָרניט גלאַט,
אליין פון הונגער לידן און יענעם מאַכן זאַט.

## אַי, אַי, אַי...
(פֿאָלקס־ליד)

אין אַ שטעטל, ניט ווייט פון דאַנען,
אַי, אַי, אַי,
איז אַ רבי׳לע פֿאַראַנען,
אַי, אַי, אַי,
לערנט תמיד מיט די חסידים,
אַי, אַי, אַי,
די משרתים און תלמידים,
אַי, אַי, אַי, אַי, אַי, אַי, אַי, אַי, אַי, אַי, אַי,
אַי, אַי, אַי.

איז אַ נס אַמאָל געשען,
מען האָט דעם רבי׳נס זון דערזען,
מיט אַ חצופה צווישן ביימער,
אָן אַ שמש און אָן אַ שומר!

איז דער רבי באַלד געלאָפן,
מיט אַ שטעקן זיי באַשטראָפן,
האָט זיך טאַקע שטאַרק דערשראָקן,
בלויז דעם רבי׳נס זון, — דער פלאָקן!

כאַפּט אַ בליק אויף דער מרשעת,
איז ביים רבי׳ן אַוועק דער כעס,
דעם זון, דעם גולם, האָט ער פֿאַרטריבן,
און מיט דער חצופה אַליין פֿאַרבליבן.

פרעגן אידן איינס דעם צווייטן:
סטייטש, וואָס זאָל דאָס דען באַדייטן?
אין רבי׳נס הויז אַזאַ מכשפה,
דעם רבי׳נס שטוב ז׳געוואָרן אַ טריפה!

ענטפערן אויף דעם די חסידים,
די משרתים און תלמידים,
דעם רבי׳נס חצופה האָט אַלע מעלות,
זי פסק׳נט שוין אפילו שאלות!



## מיין מאַנטל

האָב איך מיר אַ מאַנטל פון פאַרצייטיקן טוך,
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ,
האָט ער ניט אין זיך קיין גאַנצן דוך,
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ,

דארום האָב איך זיך באַטראַכט
און פון דעם מאַנטל אַ רעקל געמאַכט,
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ,
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ,
און פון דעם מאַנטל אַ רעקל געמאַכט.

פון רעקל — אַ וועסטל, פון וועסטל — אַ היטל,
פון היטל — אַ קעשענע, פון דער קעשענע — אַ לאַטע,
דארום האָב איך זיך באַטראַכט
און אַ נייעם מאַנטל זיך געמאַכט.

# פִינְדְזשַאן

הַמִּלִּים: ח. פֵּייְנֶר — הַמַּנְגִּינָה: מ. וִילֶנְסְקִי

MODERATO

HA- RU-ACH NO- SHE-VET KRI-RA —— NO-SI FA-KEI
SAM LAM-DU-RA —— VE- KACH BIZ-RO-OT AR-GA-
MAN —— HA- EISH YA-A- LE KE- KOR-BAN —— HA-
EISH ME-HAV- HE-VET SHI-RA ME-LAV- LE-VET SO- VEV LO SO-
VEV HA- FIN- YAN —— LA LA LA LA LA LA LA LA-LA-
LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA —— LA LA LA
LA LA LA LA LA-LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA
LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA ——

הָרוּחַ נוֹשֶׁבֶת קְרִירָה,
נוֹסִיפָה קִיסָם לַמְּדוּרָה
וְכָךְ, בִּזְרוֹעוֹת אַרְגָּמָן,
בָּאֵשׁ יַעֲלֶה כְּקָרְבָּן.
הָאֵשׁ מְהַבְהֶבֶת, שִׁירָה מְלַבְלֶבֶת,
סוֹבֵב לוֹ, סוֹבֵב הַפִּינְגַּאן.
לַ, לַ, לַ, . . . . . .

נִזְכַּר הַפִּינְגַּאן אֵיךְ אֵלָיו
„הַחֶבְרָה״ הִגִּיעוּ מִקֶּרֶב
אֵיךְ מוֹטְקֶ'ה הַגִּ'ינְגִ'י רָטַן
„אֶחָד לֹא יַחֲזוֹר כְּבָר לְכַאן״ . . .
בְּדֶמַע אֵין קֵצֶה סוֹבֵב הוּא בְּעֶצֶב,
סוֹבֵב לוֹ, סוֹבֵב הַפִּינְגַּאן.
לַ, לַ, לַ, . . . . . .

# צו דיין געבורטסטאָג

ווערטער און מוזיק פון א. גאָלדפאַדן

צו דיין געבורטסטאָג,
צו דיין יום־טוב היינט,
האָבן זיך פאַרזאַמלט —
דיינע גוטע פריינט.

הורא! הורא! מיר ווינטשן דיר,
הורא! הורא! מיר ווינטשן דיר,
מיר ווינטשן דיר
געזונט און גליק.

# שטיוול מיינע

(חלוצים ליד)

איבערזעצט: מ. העלפמאַן

מוזיק: י. ענגעל

היי, היי, היי, שטיוול מיינע,
גאָר אָן זוילן, שטיוול מיינע,
און די זון האַלט אין שיינען,
ברענט אומגעהויער, ברענט
און זי ברענט אומגעהויער
ס'מאַכט ניט אויס (5 מאָל)
דאָס לאַנד, דו בוי!
דו בוי דאָס לאַנד, דו בויער.
דו בויער, דו בויער,
דו בוי, דו בוי, דו בוי;

היי, היי, היי, העמד מיין העמדל,
און אין הארצן ברענט א ליבע,
און די זון האַלט אין שיינען,
ברענט אומגעהויער, ברענט
און זי ברענט אומגעהויער.

# אויפן ים

**אויפן ים וועיעט א ווינטעלע,**
**אוי א ווינטעלע**
**און די כוואַליעס שלאָגן.**
**איך האָב זיך פארליבט אין א שיין־אינגעלע**
**כ'שעם זיך פאר אייך אויסצוזאָגן.**

**ער האָט געבויט א שיפעלע,**
**אוי א שיפעלע,**
**ארום און ארום מיט פענצטער.**
**פון אלע קארטינעס וואָס כ'האָב איבערגעזען**
**איז ער דאָך פון זיי דער שענסטער.**

**אַז א גזלן קוילעט א מענטשן,**
**אוי א מענטשן,**
**קוילעט ער אים מיט א מעסער.**
**ער האָט מיר געקוילעט און ניט דערקוילעט;**
**איז ער פון א גזלן נאָך גרעסער.**

# שלאָף מיין קינד

שלאָף מיין קינד, שלאָף כסדר,
זינגען וועל איך דיר א ליד.
אַז דו מיין קינד וועסט עלטער ווערן,
וועסטו וויסן אַן אונטערשייד.

אַז דו מיין קינד וועסט עלטער ווערן,
וועסטו ווערן מיט לייטן גלייך.
דאמאלסט וועסטו געוואויר ווערן,
וואָס הייסט אָרעם און וואָס הייסט רייך.

די טייערסטע פּאַלאַצן, די שענסטע הייזער
דאָס אַלין מאַכט דער אָרימאַן.
נאָר ווייסטו ווער עס טוט אין זיי וואוינען?
גאָרניט ער נאָר דער רייכער מאַן.

דער אָרימאַן, ער ליגט אין קעלער,
דער ווילגאַמטש רינט איב פון די ווענט.
דערפון באַקומט ער א רומאַטן־פעלער,
אין די פיס און אין די הענט.
שלאָף מיין קינד.....

# אַ ליבע איז אַן אומגליק

מוזיק אַראַנזשירט פון יעקב שייפער

אוי, אַ ליבע איז אַן אומגליק אויף דער וועלט,
צו וועמען זי פאַלט נאָר אַריין,
עס קאָסט אָפּ פיל כוחות און געלט,
צי קען מען דען ערגער זיין?

צו וואָס האָט מיר געטויגט צו וויסן
אַ ליבע אויף דער וועלט צו ברענגען?
מיין האַרץ ווערט מיר אויסגעריסן,
דירך אַ ליבע קען מען זיך נאָך הע־ווענ־גען.

היינט זיצן מיר ביידע אויף אַ באַנק —
צומאָרגנס מוזטו אָוועקפאָרן,
פון האַרצווייטיק בין איך שוין קראַנק,
אוי ווי איז צו מיינע יאָרן.

אוי, וואָס האָט מיר געטויגט צו וויסן,
אַ ליבע אויף דער וועלט צו ברענגען?
מיין האַרץ ווערט מיר אויסגעריסן,
דורך אַ ליבע קען מען זיך הע־ווענ־גען...

# דאָס אייביגע ליד

## פון סעם ליפּצין

(אויף דער מעלאָדיע פונעם ישראל־ליד „פינדזשאַן")

די יוגנט שטייט בּרייט און איז שטאָלץ
צום פייער טראָגט יעדער צו האָלץ.
אין דער לופט עס טראָגט זיך אַ פלאַם,
באַגלייט שיין מיט לידער, מיט גראַם —

און דאָס האַרץ פרייט זיך,
דאָס לאַנד עס בויט זיך.
עס זינגט און עס זינגט אַרבעטסמאַן!
(לאַ־לאַ־לאַ־לאַ)

דאָס שלעכטע וועט מוזן פאַרבּיי,
די יוגנט וועט שאַפן אַלץ ניי.
די פעלקער וועלן זיך אַלע פאַרשטיין.
ניט זיין וועט קיין עלנט מער — ניין!

נאָר זינגען צוזאַמען,
מיט האַרציקע פלאַמען:
דאָס אייביקע ליד — פון פריי זיין!
(לאַ־לאַ־לאַ־לאַ)



## הוליעט, קינדערלעך

מ. געבירטיק

שפּילט אייך ליבע קינדערלעך,
פאַרגינט מיר אויך דאָס גליק.
נעמט מיך אויך אריין אין קאָן
אָט דעם אויגנבליק.

הוליעט, הוליעט קינדערלעך,
כל־זמן איר זייט נאָך יונג,
ווייל פון דעם פרילינג ביז צום ווינטער
איז אַ קאַצן שפּרונג.

מיין נשמה איז נאָך יונג
און בענקט נאָך לוסט און פרייד.
אוי ווי גערן וואָלט איך זיך
פון שווערן יאָך באַפרייט.

הוליעט, הוליעט א. א. וו.

שפּילט אייך ליבע קינדערלעך,
פאַרלירט קיין אויגנבליק.
ווייל די יוגנט עקט זיך באַלד
און אויך מיט איר דאָס גליק.

הוליעט, הוליעט א. אַ. וו.

# אפֿן אויוון זיצט אַ מיידל

**(fun Sovetishn Buch "Yidishe Folks Lider")**

Ruik

1. A-fn oi-vn zitst a mei-dl Tum-ba tum-ba ba
2. Iz a bo-cher on-ge-floi-gn Tum-ba tum-ba ba

un zi heft a vai-se klei-dl Tum-ba tum-ba ba.
un hot dem fo-dem op-ge-tzoi-gn Tum-ba tum-ba ba.

Ai du bo-cher ai-du fai-yer Tum-ba tum-ba ba

'S'vet dich kos-tn zei-er tai-yer Tum-ba tum-ba ba.

אפֿן אויוון זיצט אַ מיידל, טומבאַ, טומבאַ, באַ.
און זי העפֿט אַ ווייסע קליידל, טומבאַ, טומבאַ, באַ.

איז אַ בחור אָנגעפֿלויגן, טומבאַ, טומבאַ, באַ,
ז׳האָט דעם פֿאָדעם אָפּגעצויגן, טומבאַ, טומבאַ, באַ.

— איי דו בחור, איי, דו פֿייער, טומבאַ, טומבאַ, באַ,
ס׳וועט דיך קאָסטן זייער טייער, טומבאַ, טומבאַ, באַ.

כ׳וועל ניט פֿרעגן דיך פֿון וואַנען, טומבאַ, טומבאַ, באַ,
כ׳וועל ניט אָפּלאָזן פֿון דאַנען, טומבאַ, טומבאַ, באַ.

ניט מיט שטריק וועל איך דיך פֿענטען, טומבאַ, טומבאַ, באַ,
נאָר מיט מיינע ווייסע הענטלעך, טומבאַ, טומבאַ, באַ.

כ׳וועל דיך האַלדזן, כ׳וועל דיך ליבן, טומבאַ, טומבאַ, באַ,
איז דער בחור דאָרט פֿאַרבליבן, טומבאַ, טומבאַ, באַ.

אפֿן אויוון זיצן צווייען, טומבאַ, טומבאַ, באַ,
ניט זיי העפֿטן, ניט זיי נייען, טומבאַ, טומבאַ, באַ.

# אַ טויב אַ ווייסע

מעלאָדיע פון „געליבטע שטאָט מיינס"

**פון סעם ליפּצין**

אַ טויב אַ ווייסע, פליט אין
דער ברייטער וועלט אַרום, —
טראָגט אַ רוף:
פאַר שלום, פרייד און ברויט —
מאַמע געטרייע,
באַשיץ דיינע קינדער פון פייער.
דאָס קינד היט אָפּ,
ווי דאָס אויג אין קאָפּ,
עס לויערט טויט!

דער בייזער מערדער,
גרייט צו די כלי־זיין,
באַצאָלט פון הערשער,
פּאַראַזיט און לאָרד,
זיי נאַרן די מאַסן,
פירן זיי צום אָפּגרונט,
אין פּיסק פון שלאַנג,
צום אונטערגאַנג,
צו מאַסן מאָרד!

און ווען צוזאַמען,
איר וועט דעם רוף צעטראָגן,
וואָרענען קעגן דער בייזער שלאַנג,
נעמען די קינדער
אונטער איערע פליגל,
וועט פרידן זיין,
ברויט מיט וויין,
און פרייד, געזאַנג!



# באַלאַלייקע

שטייט א בחור און ער טראכט,
טראכט און טראכט א גאנצע נאכט;
וועמען צו נעמען און ניט פארשעמען,
וועמען צו נעמען און ניט פארשעמען.

טום באַ־לאַ, טום באַ־לאַ, טום
באלאלייקע,
טום באַ־לאַ, טום באַ־לאַ, שפּיל
באלאלייקע.

מיידל, מיידל, כ'וויל ביי דיר פרעגן:
וואָס קען וואקסן, וואקסן אָן רעגן?
וואָס קען ברענען און ניט אויפהערן?
וואָס קען בענקען, וויינען אָן טרערן?

נארישער בחור, וואָס דארפסטו פרעגן,
א שטיין קען וואקסן, וואקסן אָן רעגן.
ליבע קען ברענען און ניט אויפהערן,
א הארץ קען בענקען, וויינען אָן טרערן.

# און דו אַקערסט
# און דו זייסט

מוזיק: י. שייפער

און דו אַקערסט און דו זייסט
און דו פּיטערסט און דו נייסט
און דו האַמערסט און דו שפּינסט
זאָג מיין פאָלק, וואָס דו פאַרדינסט?

נאָר וואו איז דיין טיש געגרייט?
נאָר וואו איז דיין יום טוב קלייד?
נאָר וואו איז דיין שאַרפע שווערד?
וועלכעס גליק איז דיר באַשערט?

מאַן פון אַרבעט אויפגעוואַכט!
יאָן דערקען דיין גרויסע מאַכט!
ווען דיין שטאַרקע האַנט נאָר וויל,
שטייען אַלע רעדער שטיל.
קלינג, קלאַנג, שטייען אַלע רעדער שטיל...

# אײַנגעמאַכץ

די גאַנצע הויז גײט כאַדאַראַם,
דער ווינט צעבלאָזט אַ פײַער,
דאָס בלוט אין אַלע אָדערן,
יאָגט פרײלעכער און פרײער.

צוזינג:
די מאַמע פרעגלט אײַנגעמאַכץ
פון מאַלינעס ווי סאַמעט,
איך שטײ נעבן איר אַן אײַנגעדאַרטס,
אײַנגאַנצן אויסגעמאַטערט.

איך שטײ נעבן איר אַן אײַנגעדאַרטס,
נאָר אָדערן און בײנער,
די מאַמע פרעגלט אײַנגעמאַכץ,
און איך בין נאָך אַ קלײנער.

און יעדער פוכקע מאַלינע
מיט זאַמד־צוקער באַשיט זי,
און נאָר אַראָפּגעפאַלענע
די קינדער אירע גיט זי.

(די מאַמע פרעגלט אײַנגעמאַכץ א. אַז. וו.)

מיר שטײען און באַלעקן זיך,
די אויגן ווערן ווײניג,
מיר ציטערן, מיר עקן זיך,
זײ פאַלן אַזוי ווײניג...

מיר כראַמקען די פּאַרפאַליקעס
מיט קנאָבל אַלטן שאַרפן,
און ערגעץ שטײען מאַלינעס
מען זאָל עס ניט באַדאַרפן...
(די מאַמע פרעגלט אײַנגעמאַכץ א. אַז. וו.)

# צום יאַריד

גײ איך מיך מיט גיכע, מיט גיכע טריט,
נאָך אַ פערדל צום — יאַריד, יאַריד,
מיטן בײטל קלינג איך, קלינג איך מיר,
און אַ לידל זינג איך, זינג איך מיר.

צו װער שטאָט איז — װײס, װײט, װײט,
שטײט אַ קרעטשמע בײַ דער — זײט, זײט, זײט,
ברײט צעעפנט איז די — טיר, טיר, טיר,
קרעטשמער גיב אַ גלעזל, אַ גלעזל ביר.

נאָך אַ גלעזל נאָך — אַ גלאָז, אַ גלאָז,
גיסט מיר אָן דער באַלע־באָס, באַלעבאָס.
ווער מיר שטאָט, ווער מיר יאַריד,
און קײן פערדל דאַרף איך, דאַרף איך ניט.

און קײן פערדל האָב איך — ניט געקויפט,
און דאָס געלט האָב איך — שוין לאַנג פאַרזויפט,
און פאַר צרות שפּרינג איך, שפּרינג איך מיר.
און אַ לידל זינג איך, זינג איך מיר.

# מעכוטענעסטע מיינע

### א פֿאָלק ליד

**(fun Sovetishn Buch "Yidishe Folks Lider")**

Lebedik

Me-chu-te-ne-ste mai-ne me-chu-te-ne-ste ge-trai-ye, oi
lo-mir zain af ei-bik me-chu-to-nim, lo-mir zain af ei-bik me-chu
to -nim ich gib aich a-vek main toch-ter far a shnur, zi
zol ba aich nit on-ve-rn dos po – –nem po-nem.

מחותנת'טע מיינע, מחותנת'טע געטרייע,
אוי, לאָמיר זיין אויף אייביג מחותנים!
איך גיב אייך אוועק מיין טאָכטער פאַר שנור,
זי זאָל ביי אייך ניט אָנווערן דאָס פּנים.

מחותנת'טע מיינע, מחותנת'טע געטרייע,
מיין קינד זאָלט איר פרי ניט וועקן:
און טאָמער וועט איר זען אַן עוולה אויף מיין קינד,
ווי אַן אייגענע מאַמע זאָלט איר דאָס פאַרדעקן.

מחותנת'טע מיינע, מחותנת'טע געטרייע,
אויף קינדער האָבן טוט מען בלוט פאַרגיסן;
און טאָמער וועט איר זען, אַז דער זון האָט ליב די שנור,
זאָל עס אייך גאָרניט פאַרדריסן.

מחותנת'טע מיינע, מחותנת'טע געטרייע,
איך פאָר צו אייך מיט אַ פאַריקל;
טאָמער וועט איר זיין אַ שלאַס, אַ בייזע שוויגער,
איז מיין טאָכטער אויכעט אַן אַנטיקל.

# חפצי, חפצי.

חפצינו שלום,
חפצינו שלום,
חפצינו שלום בעולם.

חפצינו שלום,
חפצינו שלום,
חפצינו שלום בעולם.
חפצי,
חפצי, חפצי, שלום,
חפצינו שלום בעולם.

מיר ווילן שלום, מיר ווילן שלום,
מיר ווילן שלום אויף דער וועלט.

מיר ווילן שלום, מיר ווילן שלום,
מיר ווילן שלום אויף דער וועלט.

שלום, שלום, שלום ווילן מיר,
מיר ווילן שלום אויף דער וועלט.

געגוג מלחמות, געגוג מלחמות,
געגוג מלחמות אויף דער וועלט.

געגוג מלחמות, געגוג מלחמות,
געגוג מלחמות אויף דער וועלט.

שלום, שלום, שלום ווילן מיר,
מיר ווילן שלום אויף דער וועלט.

חפצינו שלום,
חפצינו שלום,
חפצינו שלום בעולם.

חפצינו שלום,
חפצינו שלום,
חפצינו שלום בעולם.

חפצי, חפצי, חפצי שלום.
חפצינו שלום בעולם.



## די מיזינקע אויסגעגעבן

שטאַרקער, פריילעך,
דו, די מלכה, איך דער מלך,
אוי, אוי, איך אַליין,
האָב מיט מיינע אויגן געזען,
ווי גאָט האָט מיך מצליח געווען,
די מיזינקע אויסגעגעבן (2)

אַייזיק מזיק, די באָבע גייט אַ קאָזיק,
קיין עין הרע, זעט נאָר זעט,
ווי זי טופּעט, ווי זי טרעט,
אוי, א שמחה, אוי אַ פריידי,
די מיזינקע אויסגעגעבן (2)

מאָטל שמעון,
אָרעמעלייט זיינען געקומען,
גרייט פאַר זיי דעם שענסטן טיש,
טייערע ווײַנען, טייערע פיש,
אוי, מיין טאָכטער, גיב מיר אַ קוש,
די מיזינקע אויסגעגעבן (2)

דער טייערער פעטער יאָסע,
די גוטע מומע סאָסיע,
האָבן מיר צום חתן מאָל
טייערע ווײַנען אָן אַ צאָל,
מיר געשיקט פון ארץ ישראל,
די מיזינקע אויסגעגעבן (2)

## דריי ייִנגלעך

**י. גויכבערג — מוזיק: מ. געלבארט**

די מאַמע האָט דריי ייִנגעלעך
דריי ייִנגעלעך געהאַט,
מיט ווײַכע, רויטע בעקעלעך
ווי צאַרטער סאַמעט גלאַט.
האָט איינס געהייסן בערעלע,
דאָס צווייטע — חיים שמערעלע,
דאָס דריטע האָט געהייסן —
מען זאָל אים קויפן שיך.
איך האָב אייך אָפּגענאַרט
איך האָב געוואוסט איר וואַרט,
דאָס דריטע קליינע ייִנגעלע,
דאָס דריטע, דאָס בין איך.
די מאַמע האָט דריי ניסעלעך
פון דעם יאַריד געבראַכט.
דריי גוטע, פעטע ניסעלעך,
דריי ניסעלעך אַ פּראַכט.
איז איינס געווען פאַר בערעלען,
און איינס פאַר חיים שמערעלען,
און גאָר דאָס בעסטע ניסל
האָט זי געלאָזט פאַר זיך.
איר וואונדערט זיך אַ ביסל
פאַרוואָס נית מיר אַ ניסל?
ווייל ניסן, ניסן, ניסעלע,
ווייל ניסן, דאָס בין איך.

## אויף וואַקאַציע

**פון אָנקל סעם**

**(מעלאָדיע פון „מאַטראָסן־טאַנץ")**

קומט אָן דער זומער, פיל איך ניי געבאָרן,
ליי געלט אין אַקציע, און פאָר מיר אויף וואַקאַציע.

אין די בערג קום איך, נייע כוחות שאַפן,
האָט זיך גראָד געטראָפן, איך האָב נית וואו צו שלאָפן.

לייג איך זיך אין דרויסן, און קלער פון זון און בלומען,
לאָזן מיר נית קלערן, מאָסקיטאָס ווי די בערן.

איינעם ווילט זיך זינגען, אַ צווייטן — טאַנצן שפּרינגען.
אַ דריטער הייסט מיר זיצן, און הערן זיינע וויצן.

און איך מוז אַלץ אויסשטיין, איך קאָן דאָס נית פאַרמיידן,
געוואָלט האָב איך — וואַקאַציע, מוז איך איצטער ליידן.

# סלינו על כתפינו

הַמִּלִּים: לֶוִין קִיפְּנִיס — הַמַּנְגִּינָה: י. בּוֹרוֹכוֹב

די קוישן אויף די אַקסל.... אידיש: בער גרין.

CON SPIRITO

SA- LEI- NU AL KTA-FE-NU RA- SHEI-NU A- TU- RIM MIK-TZOT HA-A-RETZ BA-NU

HE- VEI-NU BI- KU-RIM MI YEHU-DA MI YEHU DA U-MI SHOM-RON

MIN HA- E- MEK MIN HA-E-MEK VE HA-GA-LIL PA-NU DE-RECH LA— NU

BI- KU-RIM I-TA — NU HACH HACH HACH BA-TOF VE-CHA-LIL BE-CHA-LIL —

CHA-LEL BE-CHA-LIL

סַלֵּינוּ עַל כְּתֵפֵינוּ,
רָאשֵׁינוּ עֲטוּרִים —
מִקְצוֹת הָאָרֶץ בָּאנוּ,
הֵבֵאנוּ בִּכּוּרִים.
מִיהוּדָה, מִיהוּדָה וּמִשּׁוֹמְרוֹן
מִן הָעֵמֶק, מִן הָעֵמֶק וְהַגָּלִיל.
פַּנּוּ דֶּרֶךְ לָנוּ
בִּכּוּרִים אִתָּנוּ!
הַךְ, הַךְ, הַךְ בַּתֹּף
חַלֵּל בֶּחָלִיל. } 2

די קוישן אויף די אַקסלען, די קעפּ
באַצירט מיט בלום,
פון נאָענט און פון ווייטן,
מיט פרוכט פון אומעטום.
פון יהודה, פון יהודה און שמרון,
פון דעם עמק, פון דעם עמק און גליל,
קומט מיט פרוכט אַנטקעגן,
די קוישן־פול ביז ברעגן, (2 מאָל)
קלאַפּט, קלאַפּט, קלאַפּט אין פויק,
אויפן פייפל שפילט. (2 מאָל)



# מאַרשירן אַרבעטער

פֿון סעם ליפּצין — מוזיק: פֿון לואיס סטילמאַן

EINS, TSVEI, DRAI, FIR, EINS, TSVEI, DRAI, FIR. EINS, TSVEI, DRAI, FIR, EINS, TSVEI, DRAI, FIR.

HENT UN FIS GIT A - TSE-FIR HAINT IZ YON-TEV ER-DER MAY YU-NION LAIT A-

RAIN IN REI VARFT DEM LO-ZUNG SHTARK UN HOICH, YU-NION DOS IZ UN-ZER KOICH

VARFT DEM LO- ZUNG SHTARK UN HOICH, YU-NION DOS IZ UN-ZER KOICH.

איינס, צוויי, דריי, פֿיר! הענט און פֿיס גיט אַ צעפֿיר.
היינט איז יום־טובֿ ערשטער מײַ — יוניאָן־לייט אַריין אין ריי!
וואַרפֿט דעם לאָזונג שטאַרק און הויך — יוניאָן, דאָס איז אונזער כּוח!

איינס, צוויי, דריי, פֿיר! געגן שווינדלער, רעקעטיר,
געגן רעאַקציע און איר ציל, געגן אַנטי־יוניאָן ביל,
געגן מאָנאָפּאָל און טראַסט, געגן יקרות, הויכן קאָסט.

איינס, צוויי, דריי, פֿיר! מיר האָבן רייכטום אָן אַ שיעור.
געציילטע האָבן פֿון אַלץ אַ סך, ווען דעם בויער פֿעלט אַ דאַך,
עס פֿעלט אַ דזשאַב, עס פֿעלט אויף ברויט, זאָל אַ סוף זיין צו דער נויט!

איינס, צוויי, דריי, פֿיר! קלאַפּ אָן שטאַרק אין קאָנגרעס־טיר.
זאָל מען הערן אין סענאַט — גענוג צו שפּילן זיך אין „בלאָט"
הערט־אויף מאַכן פּוילע שטיק! דער זייגער קאָן ניט גיין צוריק...

איינס, צוויי, דריי, פֿיר! מיר גייען היינט ניט אויף שפּאַציר,
נאָר אין פּראָטעסט געגן נזילה, רויב, געגן מיטילס, אַטאָמען־שטויב
איז געווענדעט אונזער טראָט, ברויט און שלום — אַ געבאָט!

איינס, צוויי, דריי, פֿיר! פֿאָדער רעכט באַר דיר און מיר.
שלאָג־אָפּ צוריק דעם שאַנד־געזעץ, וואָס וויל פֿאַרשפּרייטן סוועט־שאָפּ־קרעץ.
מאַרש פֿאָראויס, מיט טאָקט און טאַו. איינינקייט אויף אונזער פֿאָן!

# Der Yid Der Shmid דער ייד דער שמיד

ווערטער: וואָלף יונין — מוזיק: וולאַדימיר חפץ

Allegro

Coda

Lomir (4) machn an eign lid
Eins, tzvei, drai (2)
Eins Tzvei (2)
Eins Tzvei, Dray
Vegn, (3) a Yidn
A Yid a shmid
In zain shmid (2)
In zain shmiderai,
Rai (6)

Shmidt der Yid,
Der Yid, der shmid,
Eins tzvei drai (2)
Eins tzvei (2)
Eins tzvei drai
Un er (4)
Zingt zich tzu a lid
Yidish lid, (2)
Zingt a Yiddish lid derbai,
Rai (6)
Zingt a Yiddish lid derbai.

לאָמיר (4) מאַכן אַן אייגן ליד
איינס, צוויי דריי. (2)
איינס צוויי, איינס צוויי
איינס, צוויי, דריי,
וועגן (3) אַ יידן,
אַ ייד, אַ שמיד,
אין זיין שמיד (2)
אין זיין שמידעריי,
ריי (6).

שמידט דער ייד,
דער ייד, דער שמיד,
איינס צוויי דריי (2)
איינס צוויי (2)
איינס צוויי דריי,
און ער (4)
זינגט זיך צו אַ ליד,
יידיש ליד (2),
זינגט אַ יידיש ליד דערביי, ריי,
ריי (6)
זינגט אַ יידיש ליד דערביי.

## די קאָלאָניע זינגט

מעלאָדיע: פון „אײנ׳ס גרויסן דאָרף״

פון סעם ליפּצין

קומט אַרויס די זון
און זי צעראַנדעוואַרימט זיך,
פּאַק איך איין די זאַכן,
אַנטלויף פון שטאָט אויף גיך...

טראַלאַלאַלאַ, טראַלאַלאַלאַ. (2)
פּאַק איך איין די זאַכן,
אַנטלויף פון שטאָט אויף גיך...

אויף אַ בערגל הויך,
אין אַ כאַטע פון פיר ווענט.
איך בין אַליין דער „לענדלאָרד״,
צויס ניט פון קיין רענט...

אַ ברעט עס איז מיין טיש,
פּאָר אַ באַנק — אַ שטיין.
נאָר עס קומט צום עסן —
עס איך ניט אַליין...

און פאַלט צו די נאַכט,
די לבנה קומט אַרויס,
קומען קאָלאָניסטן
אַנטקעגן איר אַרויס...

ווער מיט אַ גיטאַר,
און ווער — מיט מאַנדאָלין.
פאַרגעסן ווערט דער שאַפּ און —
פאַרגעסן די מאַשין...

פאַרצויגן ווערט אַ טאָן —
און אַלע זינגען באַלד.
עס העלפט אַרויס דער עכאָ —
צעטראָגט דאָס איבער וואַלד...

זינגט מען ליד נאָך ליד,
און עס קלינגט אַ פּראַכט.
ביז די שיינע נאַכט, מאַכט —
אונז אַלע אַ גוטע נאַכט!...

## דאָס מאָרגן־ליכט

אידיש: ל. מילער —
מוזיק: שאָסטאַקאָוויטש

עס וואַרט דער פרימאָרגן, דער קילער;
דאָס וואַרעמע זון ליכט אונז רופט —
עס שפּילן און זינגען סירענען
און וועקן צו אַרבעט אונז אויף.

וואָס ליגסטו, קוטשעראַווע, ברוגז, שטום,
וואָס פעלט דיר זאָג;
עס גייט דאָס בראַווע לאַנד צום רום
אין ליכט פון טאָג.

ווי ים כוואַליעס מעכטיג און רוישיג,
עס שלאָגט דאָ מיט אויפבוי און פרייד;
ווי שטאָל זיינען קערפּערס און בויגיג
צום לויף פון געוועטן שוין גרייט.

דו דרייסט זיך, קוטשעראַווע, ברוגז אום,
וואָס פעלט דיר זאָג;
עס גייט דאָס בראַווע לאַנד צום רום
אין ליכט פון טאָג.

ווי פריילעך עס שפּאַנען בריגאַדעס,
וואָס קען אָט די יוגנט ניט טאָן?
קום שטעל זיך אין ריי, קוטשעראַווע,
און האָסטו פּאַרשפּעקטיקט, יאָג אָן!

נו, ריר זיך, קוטשעראַווע מיידל, קום!
דיין ריי דעריאָג!
עס גייט דאָס בראַווע לאַנד צום רום
אין ליכט פון טאָג.

## מקבל פנים זיין

**לאָמיר אַלע אין איינעם, אין איינעם**
**מקבל פנים זיין — — — — (2)**
**לאָמיר אַלע אין איינעם, (2)**
**לוסטיק און פריילעך זיין.**

## פּאַפּיר איז דאָך ווײַס

פּאַפּיר איז דאָך ווײַס און טינט איז דאָך שוואַרץ,
צו דיר מײַן זיס לעבן, ציט דאָך מײַן האַרץ.
איך וואָלט שטענדיק געזעסן דרײַ טעג נאָכאַנאַנד
צו קושן דײַן שיין פּנים און צו האַלטן דײַן האַנט.

נעכטן בײַנאַכט בין איך אויף אַ חתונה געווען,
פֿיל שיינע מיידעלעך האָב איך דאָרט געזען,
פֿיל שיינע מיידעלעך — צו דיר קומט נישט גאָר —
מיט דײַנע שוואַרצע אײגעלעך און דײַנע שוואַרצע האָר.

דײַן באַליע, דײַן מינע, דײַן אײדעלער פּאַסאַן,
אין האַרצן ברענט אַ פֿײַער, מען זעט עס נים אָן
ניטאָ אַזאַ מענטש, וואָס זאָל פֿילן ווי עס ברענט,
דער טויט און דאָס לעבן איז בײַ גאָט אין די הענט.

אַך דו ליבער גאָט, הער אויס מײַן פֿאַרלאַנג,
דעם אושר ניטטו כּבֿוד, מיט אַ שײנעם גאַנג —
אַ, מיר גיב אַ שטיבעלע אויף דעם גראָז דעם גרינעם
אַז איך מיט מײַן זיס לעבן אַלן וואָרנען דערינען.

## האָפּ מײנע המן־טאַשן

וװערטער : מ. פּיראָזשניקאָוו

יאַכנע דװאָשע פֿאָרט אין שטאָט,
האַלט זיך אין איין פּאַקן
זי דאַרף אויף פּורים קויפֿן מעל
המן טאַשן באַקן.

האָפּ, מײנע המן טאַשן
האָפּ מײנע װײַסע
האָפּ מיט מײנע המן־טאַשן
האָט פּאַסירט אַ מעשה. } 2

ס׳גייט אַ רעגן, ס׳גייט אַ שניי,
ס׳קאַפּעט פֿון די דעכער,
יאַכנע פֿירט שוין די קאָרן מעל
אין אַ זאַק מיט לעכער.

האָפּ, מײנע המן טאַשן . . .

יאַכנע טראָגט שוין שלח מנות
צו דער מומען יענטע
צוויי דרײַ שוואַרצע המן־טאַשן
האַלב רוי, האַלב פֿאַרברענטע.

האָפּ, מײנע המן טאַשן . . .

## הבה נגילה

הָבָה נָגִילָה (3)
וְנִשְׂמְחָה } 2

הָבָה נְרַנְּנָה (3)
וְנִשְׂמְחָה } 2

עוּרוּ, עוּרוּ אַחִים
עוּרוּ אַחִים בְּלֵב שָׂמֵחַ (4)

עוּרוּ אַחִים (2)
בְּלֵב שָׂמֵחַ.
הָבָה נָגִילָה . . . . . .

## לאָמיר באַגריסן

לאָמיר — — באַגריסן (2)
לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר,
לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר.
לאָמיר — — באַגריסן.

## דאָס נײַע ליד

טעקסט : אברהם רייזען

און זאָל ווי ווײַט נאָך זײַן די צײַט
פֿון ליבע און פֿון שלום —
דאָך קומען וועט, צי פֿרי, צי שפּעט
די צײַט — עס איז קיין חלום!
איך הער דאָס ליד פֿון ליבע, פֿריד,
די מעכטיקע געזאַנגען;
און יעדער טאָן פֿון ליד זאָגט אָן:
די זון איז אויפֿגעגאַנגען.
עס עקט די נאַכט, די וועלט דערוואַכט,
פֿול האָפֿענונג, לוסט און שטרעבן.
דו הערסט — אין לופֿט אַ שטימע רופֿט:
צו גליק און פֿרייד און לעבן!...

# קויפט, קויפט, בייגעלעך

פון סעם ליפצין

מוזיק: פון יוסף שראַגין

Mod.

KOIFT KOIFT BEI-GE-LECH FRI-SHIN—KE NOCH HEIS A FLECH-TE-LE A
TSATS-KE-LE UN S'OI-GE-LE NIT GROIS KOIFT KOIFT BEI-GE-LECH S'IZ GE-
SHMA-KER DOCH FUN ALTS ZEI ZE-EN VI BRAS-LE-TN OIS VI DI-MENT-LACH DOS
ZALTS ZEI ZE-EN VI BRAS—LE—TN OIS VI DI-MENT-LACH DOS ZALTS

Allegretto

KOIFT KOIFT BEI-GE-LACH ZI-BN SENT A SHTIK VEN IR VET KOI-FN
BEI-GE-LECH VET MIR BR— BRENG-GEN GLIK KOIFT KOIFT BEI-GE-LECH
A-LE EINS VI EINS BA—TAMP-TE OIS-GE-BA-KE-NE NI-TO ER—GETZ A
ZEINS

Moderato

KOIFT KOIFT BEI-GE-LECH UN HELFT MIR IN MAIN NOIT VEN
IR VET E-SN BEI-GE-LECH VEL ICH OICH HO-BN BROIT VEN IR VET E-SN
BEI-GE-LECH VEL ICH OICH HO-BN BROIT VEN IR VET E--SN
BEI—GE-LECH VEL ICH OICH HO--BN BROIT.



קויפט, קויפט, בייגעלעך,
פרישינקע נאָך הייס.
אַ פלעכטעלע — אַ צאַצקעלע
און ס'אייגעלע ניט גרויס.

קויפט, קויפט, בייגעלעך,
ס'איז געשמאַקער דאָך פון אַלץ;
זיי זעען ווי בראַסלעטן אויס —
ווי דימענטלעך דאָס זאַלץ.

קויפט, קויפט, בייגעלעך,
זיבן סענט אַ שטיק.
ווען איר וועט קויפן בייגעלעך,
וועט מיר דאָס ברענגען גליק.

קויפט, קויפט, בייגעלעך,
אַלע איינס-ווי-איינס.
באַטעמטע, אויסגעבאַקענע
ניטאָ ערגיץ אַזוינס.

קויפט, קויפט, בייגעלעך,
העלפט מיר אין מיין נויט.
ווען איר וועט עסן בייגעלעך —
וועל איך אויך האָבן ברויט...

## אכציק ער און זיבעציק זי

ס'איז היינט אַקוראַט געוואָרן
פופציק יאָר
ווי זיי לעבן זיך אין איינעם, דאָס
אַלטע פּאָר,
זיי האָבן זיך געעלטערט, קוקט אייך צו
אַכציק ער און זיבעציק זי.

גאָט האָט זיי מיט עושר און כבוד
באַגליקט
אין לעבן האָבן זיי זיך קיין מאָל ניט
געקריגט
נאָר נאטעלע, נאר באָבעלע רופן זיי
זיך צו
אַכציק ער און זיבעציק זי.

אַזוי האָט מען גענומען צו ביסלעך
חיין
דעם זיידן מיט דער באָבען אין ראָד
אַריין
די מומע איז געגאַנגען אַקעגן אויף אַ
קני
אַכציק ער און זיבעציק זי.

אַזוי האָט מען געהוליעט ביז האַלבע
נאַכט
באָבעלע, זאָגט דער זיידע, אַ גוטע
נאַכט
שלאָף מיר געזונט און דעק זיך צו
אַכציק ער און זיבעציק זי.

## **פאַר אַ זיכערן מאָרגן!**

פון סעם ליפּצין

**(מחיק: אַלבערט ביטער)**

**פאָרט אַ איד און זינגט זיך צו;**
**פאָרט ברייט איבער טאָיגע, —**
**טרייבט אַ טראַקטאָר, טראַק-טאַק-טאַק**
**פריי פון זאָרג און דאַיגע!**

**די יוגנט זייט, און שנײַדט, און דרעשט,**
**יאָגט זיך ווי אַ וויכער;**
**מ'בויט, מ'בויט, מ'בויט דאָס לאַנד —**
**דעם מאָרגן מאַכן זיכער!**

**מ'לאָזט אַראָפּ זיך אין דער טיף,**
**צו גראָבן גאָלד און אייזן;**
**מ'הויבט זיך אויף אין סטראַטאָספער —**
**אַלץ קאָן מען היינט באַווייזן!**

**מ'בויט קולטור, מ'בויט פאַבריק,**
**מ'שאַרפט די מאַכט פון וויסן;**
**אַלץ פאַר אַלעמען איז גלייך —**
**צו נעמען און גענימן;**

**ווער מיט האַמער, ווער מיט סערפּ,**
**ווער מיט פען און טויעך;**
**אַלע, אַלע פאַר איין צוועק —**
**צו שטאַרקן אַרבעטער קויעך!**

**אין בירא-לאַנד איז סאָוועטן,**
**צו פאַרטיק מאַכן גיכער;**
**מ'בויט, מ'בויט, מ'בויט דאָס לאַנד —**
**דעם מאָרגן מאַכן זיכער!**

## די מאַמע קאָכט וואַרעניקעס

די מאַמע קאָכט וואַרעניקעס, און איך בין גאָר פרײַשיג;
דערזע איך אַ שיין מיידעלע, קריג איך צו איר חשק. לאַ-לאַ-לאַ . . .

מיר געפעלט דאָס מיידעלע, מיין מאַמע אין דער מיט;
איך האָב ליב דאָס מיידעלע, מיין מאַמע וויל זי ניט. לאַ-לאַ-לאַ . . .

שיין איז דאָס מיידעלע, ווי די גאַנצע וועלט,
נאָר איין חיסרון האָט זי זיך, זי האָט דאָך ניט קיין געלט. לאַ-לאַ-לאַ . . .
געלט איז דאָך קײַלעכדיג, עס קייקלט זיך אַוועק;
נעם איך מיר מיין מיידעלע און פאָר מיט איר אַוועק. לאַ-לאַ-לאַ . . .

# העכער בעכער

טעקסט: מ. ווארשאַווסקי

Vivo

Gm, Cm, Ad, Gm, Cm, D, D7, Gm, D7, Gm

HE - CHER BE - SER, DI ROD, DI ROD MACHT GRE - SER GROIS HOT MICH GOT GE - MACHT, GLIK HOT ER MIR GE - BRACHT. HU - LIET, KIN - DER, A GAN - TZE NACHT, DI ME - ZIN - KE OIS - GE - GE - BN, DI ME - ZIN - KE OIS - GE - GE - BN.

העכער! בעסער!
די ראָד, די ראָד מאַכט גרעסער!
גרויס האָט מיך גאָט געמאַכט,
גליק האָט ער מיר געבראַכט,
הוליעט, קינדער, אַ גאַנצע נאַכט!
די מעזינקע אויסגעגעבן!

שטאַרקער! פריילעך!
דו, די מלכה, איך, דער מלך!
אוי, אוי, איך אַליין
האָב מיט מיינע אויגן געזען,
ווי גאָט האָט מיך מצליח געווען!
די מעזינקע אויסגעגעבן!

איציק, שפּיציק,
וואָס שווייגסטו מיטן שמיציק?
אויף די קלעזמער גיב אַ געשריי,
צי שפּילן זיי, צי שלאָפן זיי,
רייסט די סטרונעס אַלע אויף צוויי!
די מעזינקע אויסגעגעבן!

אייזיק, מאַזעק,
די באָבע גייט אַ קאָזעק!
אָן עין־הרע, זעט נאָר, זעט,
ווי זי טופּעט, ווי זי טרעט,
אוי, אַ שמחה, אוי, אַ פרייד!
די מעזינקע אויסגעגעבן!

מאָטל, שמעון,
די אָרעמע לייט זיינען געקומען!
שטעלט פאַר זיי דעם שענסטן טיש,
טייערסטע וויינען, טייערסטע פיש,
אוי, מיין טאָכטער גיב מיר אַ קוש!
די מעזינקע אויסגעגעבן!

# העמערל

**ווערטער: א. רייזען**

**אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!**
**שלאָג גיכער אַ שטועק נאָך אַ שטועק**
**אין שטוב איז קיין ברויט שוין ניטאָ** } 2
**נאָר צרות און לייד אָן אַן עק.** } 2

**אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!**
**שלאָג גיכער די טשועקעס, שלאָג גיך**
**ביז מאָרגן מוז פאַרטיק שוין זיין** } 2
**דער גבירהטעס טעכטערלס שיך.** } 2

**אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!**
**ניט גליטש פון מיין האַנט זיך אַרויס**
**מיין איינציקער שפּייזער ביסטו** } 2
**פון הונגער אָן דיר גיי איך אויס.** } 2

**אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!**
**דער זייגער ער שלאָגט שוין באַלד צוועלף**
**די אויגן זיי מאַכן זיך צו** } 2
**גיב כחות, אָ גאָטעניו, העלף.** } 2

# פיקעט,

פון סעם ליפּצין

(מעלאָדיע „ראָשן טו־סטעפּ")

מוטיג, בראַווע סטרייקער, קאַמף מיט אַלע שונאים,
מ'קאָן שוין מער ניט מאַכן אונז פאַר גרעסערע סבצנים.
פּיקעט, פּיקעט, פּיקעטן, סטרייק איז אונזער וואָפן!
פּיקעט, פּיקעט, פּיקעטן, מיר ווילן מער ניט שקלאָפן!
די יוניאָן ברעכן ווילן זיי, אויף אונזער קאַרק גאָר זיצן;
נו, חברים, אין דער ליין, די יוניאָן מוז מען שיצן.
מעג זיך אונזער שונא שפּרינגען ווי א טיגער;
מיר וועלן אַלע זיכער פון קאַמף ארוים די זיגער!
זאָלן די פאַרפירער טאַנצן ארומגענומען;
ווען מען דאַרפן ארבעטן, מוז מען צו אונז קומען.

## זאָל זײַן

**י. פּאַפּירנעקאָוו**

זאָל זיין, אַז איך בוי אין דער לופט מיינע שלעסער,
זאָל זיין, אַז מיין גאָט איז אין גאַנצן נישטאָ,
אין טרוים איז מיר העלער,
אין טרוים איז מיר בעסער
אין חלום דער הימל — נאָך בלויער פון בלאָ (2)

זאָל זיין, אַז כ'וועל קיינמאָל צום ציל ניט דערלאַנגען,
זאָל זיין, אַז מיין שיף וועט ניט קומען צום ברעג.
מיר גייט ניט אין דעם, איך זאָל האָבן דערגאַנגען,
מיר גייט נאָר — דער גאַנג אויף אַ זוניקן וועג... (2)

## דער קרעמער

**א. ליעסין — מוזיק: פּ. יאַסינאָווסקי**

זיצט זיך אַ קרעמער אין קרעמל
דער הונגערסטער קרעמער אין גאַס
ער זיצט און ער טראַכט פון אַ קונה
אין דרויסן איז פינצטער און נאַס. (2)

אַ אידישע מלוכה, רבותי,
צי קענט איר דאָ גרינגלעך פאַרשטיין,
אַ מלוכה פון לויטער גאונים
אַ מלוכה פון מלכים אַליין. (2)

פלוצלינג באַווייזט זיך אַ קונה
אַ קונה. ווי אַן אַרבעס די גרויס
ער בעט. פאַר אַ קאָפּיקע הערינג
און שלאָגט אים פון ענין אַרויס. (2)

דערזעען דאָס די אַנדערע קרעמער
די הונגערסטער קרעמער פון גאַס
און זיי עסן אים אויף מיט די אויגן
מיט אויגן פול קנאה און האַס. (2)

זיצט זיך אַ קרעמער אין קרעמל.
דער הונגערסטער קרעמער אין גאַס
ער זיצט און ער טראַכט פון אַ קונה
אין דרויסן איז פינצטער און נאַס. (2)

## מאַרגאַריטקעס

פון ז. שניאור

אין וועלדל באם טייכל, דאָרט זיינען געוואקסן
מאַרגאַריטקעלעך עלנט און קליין;
ווי קליינינקע זונען מיט ווייסינקע שטראלן,
מיט ווייסינקע . . . טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

געגאנגען איז חוהלע שטיל און פארחלומט
צעלאָזן די גאָלדענע צעפּ.
דאָס העלדזל אנטבלויזט און געמורמלט, געזונגען
א לידעלע: טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

דאָ קומט איר אַנטקעגן א בהור א שווארצער,
מיט לאָקן, מיט שוואַרצע ווי פּעך;
ער פלאַמט מיט די אויגן און ענטפערט איר
לוסטיק,
און ענטפערט איר: טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

— וואָס זוכסטו דאָ מיידעלע, וואָס האָסטו
פארלאָרן?
וואָס ווילסטו געפינען אין גראָז?
—איך זוך מאַרגאַריטקעס—פאַררויטלט זיך חוה,
פארויטלט זיך . . . טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

— דו זוכסט נאָך? און איך האָב שוין טאַקע
געפונען.
די שענסטע מארגאריטקע אין וואַלד.
א מארגאריטקע מיט צעפּ און מיט אויגן סאפּירן,
מיט אויגעלעך . . . טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

## מיין רו פּלאַץ

טעקסט: מאָריס ראָזענפעלד

ניט זוך מיך וואו די מירטן גרינען!
געפינסט מיך דאָרטן ניט, מיין שאַץ,
וואו לעבנס וועלקן בא מאַשינען,
דאָרטן איז מיין רוע פּלאַץ.

ניט זוך מיך וואו די פויגל זינגען!
געפינסט מיך דאָרטן ניט מיין שאַץ,
אַ שקלאַף בין איך, וואו קייטן קלינגען,
דאָרטן איז מיין רוע פּלאַץ.

ניט זוך מיך וואו פאָנטאַנען שפּריצן!
געפינסט מיך דאָרטן ניט מיין שאַץ,
אַ שקלאַף בין איך, וואו קייטן קלינגען,
דאָרטן איז מיין רוע פּלאַץ.

און ליבסטו מיך מיט ווארער ליבע!
טאָ קום צו מיר, מיין גוטער שאַץ!
און הייטער אויף מיין האַרץ די טריבע,
און מאַך מיר זיס מיין רוע פּלאַץ.

## עם ישראל חי!

עַם יִשְׂרָאֵל (2) חַי,
עַם יִשְׂרָאֵל חַי
עַם יִשְׂרָאֵל (2) חַי
עַמְב יִשְׂרָאֵל חַי (3) } 2
עַם יִשְׂרָאֵל חַי

## לאָמיר זיך איבערבעטן

**לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,**
**שטעל דעם סאַמאָוואַר (2)**
**לאָמיר זיך איבערבעטן } 2**
**זיי זשע נישט קיין נאַר**

**לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,**
**קויף אַ פּאָר מאַראַנצן (2)**
**לאָמיר זיך איבערבעטן } 2**
**לאָמיר גיין טאַנצן**

**לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,**
**וואָס שטייסטו באַ דער טיר? (2)**

**לאָמיר זיך איבערבעטן } 2**
**גיב אַ קוק אויף מיר.**

**לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,**
**האָב אויף מיר רחמנות (2)**
**לאָמיר זיך איבערבעטן } 2**
**כ'האָב דיך ליב סכנות**

**לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,**
**כ'בעט דיך זיי מיר מוחל (2)**
**לאָמיר זיך איבערבעטן } 2**
**גיב צו מיר אַ־שמייכל**

## קריג דעם קריג

מעלאָדיע: „סטאַנציע דזשאנקאיע"
פון סעם ליפּצין.

רעאַקציע האָט זיך צעשפּאַלאָשעט,
ווייל די וועלט זאָל פראָסט און פּשוט
זיין געפירט פון וואָל־סטריט „אַטאָם־מאַן"
אין שטויב צעבלאָזן — ציוויליזאַציע.
און דערהויבן פאַשי־נאַצי —
**מיט אַ נייעם וועלט־מלחמה פּלאַן.**

העי, פאַש, פאַשי־נאַצי,
עס וועט ניט גיין דיר האַצי־טאַצי,
העי, דו פאַשי־נאַץ־נאַץ־נאַץ!

עס חלומט וואָל־סטריט א גוטן חלום:
ווען עס וועט ניט זיין קיין שלום,
וועט די וועלט איר קומען אויף א טאַץ.
האַלט זי אין האַנט די גרויסע באָמבע
כלומרשט גיט זי אַלץ אויף טראָמבע . .
און פאַרטאַיעט קוקט זי ווי א קאַץ . . .
(רעפריין).

דאָך ניט העלפן וועט די חיות,
אַלע טאָג עס קומט אָן נייעם —
עס שיינט ארויס די זון דאָ און דאָרט
די „צעשיסער", פיילן צילן,
קעץ מיאַוקען — הינט עס בילן;
און דער קאַראַוואַן, ער פאָרט און פאָרט!...
(רעפריין).



## אַרום דעם פייער

אַרום דעם פייער
איז אַלעם ליבער,
די נאַכט איז טייער,
מיר זינגען לידער.
און זאָל דאָס פייער
פאַרלאָשן ווערן,
שיינט אונדז דער הימל,
מיט זיינע שטערן.

באַקרוינט די קעפּ
מיט בלומען קראַנצן,
אַרום דעם פייער
מיר פריילעך טאַנצן.
ווייל טענץ און לידער
איז אונדזער לעבן,
דערנאָך אין שלאָף —
חלומות וועבן.

## אַלע ברידער

(פאָלקס ליד)

**און מיר זיינען אַלע ברידער,**
**אוי, אוי, אַלע ברידער,**
**און מיר זינגען פריילעכע לידער,**
**אוי, אוי, אוי.**

**און מיר האַלטן זיך אין איינעם,**
**אוי, אוי, זיך אין איינעם,**
**אַזעלכעס איז ניטאָ ביי קיינעם,**
**אוי, אוי, אוי.**

**און מיר זיינען אַלע אייניק,**
**אוי, אוי, אַלע אייניק,**
**צי מיר זיינען פיל צי ווייניק,**
**אוי, אוי, אוי.**

**און מיר ליבן זיך דאָך אַלע,**
**אוי, אוי, זיך דאָך אַלע,**
**ווי אַ חתן מיט אַ כלה,**
**אוי, אוי, אוי.**

# חביבהלע

ווערטער: עליזה גרינבלאַט     מוזיק פון: א. עלשטיין



אין נגב, אין אַ ביידעלע,
דאָרטן וווינט אַ מיידעלע.
שיין איז זי ווי די גאַנצע וועלט:
איר נאָמען איז חביבה׳לע,
בויט זי אַ שטיבעלע,
פון ליבע וועבט זי איר געצעלט.

חביבה, חביבה, חביבה׳לע,
צי ווייסט דו, אַז איך האָב דיר אַזוי
ליב?
חביבה, חביבה, חביבה׳לע,
וואַכן וועל איך שטענדיק
ביי דיין שטוב.

בלויע אייגעלעך אַ פּאָר,
גאָלדיק ברוין זיינען אירע האָר.
חביבה׳לע, דו ביסט מיין זונען־שיין.
אַ קיעלע, אַ ציגעלע, אַ בעטעלע,
אַ וויגעלע
און מיר וועלן שטענדיק גליקלעך זיין.
(רעפריין)

אַ בלימעלע, אַ פעלדעלע,
אַ בוימעלע, אַ וועלדעלע,
פלאַנצן וועלן מיר ברויט און וויין,
דאָס לעבן וועט זיין וואונדערלעך,
מיר׳ן האָבן אַ צוויי קינדערלעך,
דו וועסט אייביק מיין פּרינצעסין זיין.
(רעפריין)



# די כאַפּ־לאַפּערס

פון סעם ליפּצין

(מעלאָדיע פון „אָפּגעשמיסענער קאַפּיטאַליסט״)

שטורעמדיג און בליציג, און פאָראויס מיט דער האַנט, —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
האָט היטלער זיך געלאָזט צו סאָוועטן פאַרבאַנד —
בו־ראוו, בו־או.
מיט גרויס אַפּעטיט גענומען שלינגען,
און אַ לויב פאַר זיך צו זינגען.
כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ.

מיט דעם „דוטשע״ און מיקאַדאָ זיך צוזאַמענגערעדט —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
מאָסקווע פאַרנעמען, ער וועט און וועט . . . בו־ראוו, בו־ראוו.
געמאַכט שוין פּלענער, געגעבן באַפעלן,
ווי אַזוי דאָס איינצושטעלן.
כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ.

האָבן זיך די האָרדעס שטאַרק דערפריים —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
און מיט כוח האָט זיך די „אַקס״ צעדרייט — בו־ראוו, בו־ראוו.
אַ קלונג געטאָן האָט היטלער מיט די שפּאָרן,
און אויף דער וועלט גענומען פאָרן.
אי־אי, אי־אי, אי־אי־אי, אי־אי־אי,

ווי ער האָט זיך פאָראויס נאָר געגעבן אַ רוק —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
געכאַפּט גלייך אַ זעץ האָט ער אינ׳ם שנוק — בו־ראוו, בו־ראוו.
צעשאָסן די „אַקס״ ביים גרויסן בריה,
אָנשטאָט שטעט — ער האָט די כאָלעריע.
כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ.

# ש ט י ל ק י י ט

פריי באַרבעט פון העברייאיש : בען יאָמען

שטילקייט און רו שוועבט איבער אלעם,
ס'רוט חלוץ אין זיין געצעלט ;
ס'שפרייט די נאַכט אויס אירע פליגלען
איבער עמק ישראל.
ס'שיינט לבנה, טוי פאַלט איבעראַל —
פון בית אלפא ביז נהלל.

צוזינג :
אך, ווי שיין איז די נאַכט,
אַלץ ליגט שטיל און פאַרטראַכט :
דרעמל, לאַנד מיינס, דרעמל און זאָרגן —
איך וועל דיך היטן ביז פרימאָרגן.

ס'שושקען זיך פעלדער פול מיט קאָרן,
ס'קלינגט דאָס פאַסטוכישע ליד ;
ס'הייבט מיין לאַנד פון פיין ניט וויסן,
ס'הערט חלוץ ניט ווערן מיד.

זיי געבענטשט, דו זתיק, ליכטיק לאַנד,
פון בית אלפא ביז נהלל.
אך, ווי שיין איז די נאַכט, א. א. וו.



## אַן אַלטער דײַם

האָב איך מיר אַן אַלטן דיים . . .
איז דער דער דיים אויך ניט מיין . . .
לאָמיר אַלע פריילעך זיין,
קומט מיט מיר אין שענק אַריין,
טרינקען בראָנפן, טרינקען וויין . .
ניט קיין מאָרגן, ניט קיין היינט . . .
ניט קיין חבר, ניט קיין פריינט . . .

ווען איך האָב אַ גאַנצן טאָלער,
וואָלט איך זיין דער גאַנצער צאָלער.
האָב איך ניט קיין ווייב און קינד . . .
בין איך פריי ווי דער ווינט . . .
האָב איך ניט קיין גראָשן געלט . . .
פייף איך אויף דער גאַנצער וועלט . . .

# רעדן טויטע . . .

(אויף דער מעלאָדיע : „אַ קרענעצע")

פון סעם ליפּצין

אין די קבֿרים ליגן קינדער,
צוגעדעקט מיט ערד און שטיין.
2 קומט אַ מאַמע טרייסט געפינען,
דורך אויסגיסן איר געוויין.

רעדן פון די קבֿרים טויטע,
און זיי רעדן האַרבע רייד:
2 ווער עס זעט ניט מאַמעס טרערן,
זאָל ניט זען קיין ליכט און פרייד.

ביי די קבֿרים וואַקסןביימער,
פול מיט לעבן, גרינס און צווייט.
2 ווער עס פירט אַ קאַמף פאַר פרידן,
זאָל פון קריג שוין זיין באַהיט.

די וואָס אַרבעטן פאַר שלום
זאָל זיי ליב זיין יעדע שעה,
2 און די צינדער פון מלחמה —
זאָל באַוויינען שוואַרצע קראַ.

# זינגען מיר

**פון: ז. וויינפּער**

זינגען מיר, שטייט אויף איר אַלע
פאַרבלוטיקטע,
און דורך געזאַנג —
ווערן הערצער דערמוטיקטע!

זינגען מיר! זינגען מיר! זינגען מיר!
און די וועלט פאַרקלינגען מיר!

זינגען מיר, שטייט אויף
איר אַלע פאַרמאַטערטע,
און דורך געזאַנג —
ווייען פאָנען צעפלאַטערטע!
זינגען מיר א. אַז. וו.

זינגען מיר, שטייט אויף
איר אַלע פאַרשמיסענע,
און דורך געזאַנג —
ווערן קייטן צעריסענע!
זינגען מיר א. אַז. וו.

# ברודערשאַפט ליד

טעקסט: מאַרטין בירנבוים

קינדער, אַט וועל איך אייך זאָגן,
איינס, צוויי, דריי.
ווען דער נייער טאָג וועט טאָגן,
איינס, צוויי, דריי,
וועלן מענטשן זיין ווי ברידער,
וועט מען זינגען נייע לידער,
איינס, צוויי, איינס, צוויי,
איינס, צוויי, דריי.

דאָס וועט זיין די שענסטע מעשה,
איינס, צוויי, דריי.
שוואַרצע, געלע, ברוינע, ווייסע,
איינס, צוויי, דריי.
דאַן וועט זיין פאַר אַלע פרידן,
סיי פאַר קריסטן, סיי פאַר יידן,
איינס, צוויי, איינס, צוויי,
איינס, צוויי, דריי.

# די משקה

(פאָלקס־ליד)

ANDANTINO

BE- SHA- AS DER SHAD-CHN IS GE- KU-MEN TSUM ZEI-DN DEM
TA- TN DER MA-MEN A- SHI- DACH REI-DN HO-BN ZEI GE-RET UN GE-
RET BIZ S'IS GE- VO- RN TSU NISHT BIZ VA- NEN DI MASH-KE TSKHA-
RAIN GE- MISHT FUN DER MASH- KE IS DER SHI- DACH GE-VO- RN GESHLO- SN DER
TA- TE IS GE-VO- RN DER MA-MES CHO- SN OI OI
LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA

בשעת דער שדכן איז געקומען צו
מיין זיידן
דעם טאַטן דער מאַמען אַ שידוך
ריידן,
האָבן זיי גערעדט און גערעדט ביז
ס'איז געוואָרן צו נישט,
ביז וואַנען די משקה'ט זיך
אַריינגעמישט,
פון דער משקה איז דער שידוך
געוואָרן געשלאָסן,
דער טאַטע איז געוואָרן דער
מאַמעס חתן.

אוי, אוי, לאַ, א. א. ח.

איך געדענק נאָך ווי ביי מיין ברית
איז די משקה ניט אַראָפּ פון טיש
מען האָט געוואונטשן מזל טוב,
אַז איך זאָל אויסוואַקסן אַ גרויסער רב.
צוליב דער משקה האָט מיין טאַטע
מיין מאַמען גענומען,
פון דער משקה בין איך אויף דער
וועלט געקומען.
אוי, אוי, לאַ, א. א. וו.



# די פראַש טעקסט: יהואש



געווען איז אַ פראַש אין אַ גרין־סאַמעט קלייד,
קוואַ, קוואַ, קוואַ...
געווען איז אַ פראַש אין אַ גרין־סאַמעט קלייד,
מיט אַ פאַרטעך אַ ווייסן פון פאַרנט פאַרשפרייט,
קוואַ, קוואַ, קוואַ, קוואַ.

איר שטוב איז געווען פון לויטער אַאיר,
קוואַ, קוואַ, קוואַ.
איר שטוב איז געווען פון לויטער אַאיר,
פון שטראַלן די פענצטער, פון וואַסער די טיר,
קוואַ, קוואַ, קוואַ.

פון טייך אויפן ברעג און פון ברעג אינעם טייך,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ...
פון טייך אויפן ברעג און פון ברעג אינעם טייך,
ווער האָט אַזאַ מאַנטל, ווער איז אַזוי רייך,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ...

איז געקומען אַ בושל אַ הויכער צו גיין,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ...
איז געקומען אַ בושל אַ הויכער צו גיין,
די פיס ווי די שפענער, דער שנאָבל פון ביין,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ...

האָט גענומען די פראַש, אינעם גרין־סאַמעט קלייד,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ...
גענומען די פראַש אינעם גרין־סאַמעט קלייד,
פאַר די קינדערלעך זיינע אַ סעודה געגרייט,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ...

# אברהמל דער מאַרוויכער

## פון מרדכי געבירטיג

אַן אַ היים בין איך יונג געבליבן,
ס'האָט די נויט מיך אַרויסגעטריבן,
ווען איך האָב נאָך קיין דרייצן יאָר
געהאַט.
אין דער פרעמד, ווייט פון מאַמעס
אויגן,
האָט אין שמוץ מיך די גאַס דערצויגן,
געוואָרן איז פון מיר אַ וואוילער יאַט.
איך בין אברהמל, דער פּיאַיקסטער
מאַרוויכער,
אַ גרויסער קינסטלער, כ'אַרבעט לייכט
און זיכער,
דאָס ערשטע מאָל, כ'וועל'ס געדענקען
ביזן טויט,
אַריין אין תפיסה פאַר לקחנען אַ ברויט,
אוי, אוי,
כ'פאַר נישט אויף מאַרקן ווי יענע
פּראָסטע יאַטן,
כ'צופּ נאָר ביי קאַרגע, שמוציקע
מאַגנאַטן,
כ'בין זיך מחיה, ווען כ'טאַפּ אַזאַ
מאַגנאַט,
איך בין אברהמל גאָר אַ וואוילער יאַט.
אין דער פרעמד נישט געהאַט צום
לעבן,
געבעטן ברויט, אַן אָרעמער פלעגט נאָך
געבן,
נאָר יענע לייט, וואָס זיינען תמיד זאַט,
פלעגן אָפּט טרייבן מיך מיט צאָרן,
ס'וואַקסט אַ גנב, ס'איז מקוים
געוואָרן —
אַ גנב בין איך, נאָר אַ וואוילער יאַט.

איך בין אברהמל, דער פּיאַיקסטער
מאַרוויכער,
אַ גרויסער קינסטלער, כ'אַרבעט לייכט
און זיכער,
אַ יאַט אַ קליינער אַריין אין
קוטשעמענט,
אַרויס אַ מזיק, אַ זעלטענער טאַלאַנט,
אוי, אוי,
כ'פאַר נישט אויף מאַרקן ווי יענע
פּראָסטע יאַטן,
כ'צופּ נאָר ביי קאַרגע, שמוציקע
מאַגנאַטן,
כ'האָב ליב אַ מענטשן, אַ מילדן, אַ
נאַש־בראַט,
איך בין אברהמל גאָר אַ וואוילער יאַט.

שוין נישט לאַנג וועט דאָס שפּיל
געדויערן,
קראַנק פון קלעפּ, גיפט פון תפיסה־
מויערן,
נאָר איין בקשה, כ'וואָלט אַזוי
געוואָלט —
נאָך מיין טויט, אין אַ טאָג אַ טריבן,
זאָל אויף מיין מצבה שטיין געשריבן
מיט אותיות גרויסע און פון גאָלד:

דאָ ליגט אברהמל, דער פּיאַיקסטער

# אברהמל דער מאַרוויכער

מאַרוויכער,
אַ מענטש אַ גרויסער געווען וואָלט פון
אים זיכער,
אַ מענטש אַ פיינער, מיט האַרץ, מיט
געפיל,
אַ מענטש אַ ריינער, ווי גאָט אַליין
נאָר וויל, אוי, אוי,

ווען איבער אים וואָלט געוואַכט אַ
מאַמעס אויגן,
ווען ס'וואָלט די פינצטערע גאַס אים
ניט דערצויגן,
ווען נאָך אַלס קינד ער אַ טאַטן וואָלט
געהאַט,
דאָ ליגט אברהמל, יענער וואוילער ...

# געוואַלד, עס ווילט זיך!

געוואַלד, עס ווילט זיך,
עס ווילט זיך, עס ווילט זיך,
עס ווילט זיך עסן
פרישענקע וואַרנישקעס } 2
אַן הייון און אַן זאַלץ,
אַן פעפער און אַן שמאַלץ,
אַי, עס ווילט זיך עסן
פרישענקע וואַרנישקעס.

געוואַלד, וואו נעמט מען?
וואו נעמט מען? וואו נעמט מען?
וואו נעמט מען מעל
אויף מאַכן די וואַרנישקעס? } 2
אַן הייון און אַן זאַלץ,
אַן פעפער און אַן שמאַלץ,
וואו נעמט מען מעל
אויף מאַכן די וואַרנישקעס?

געוואַלד, וואו קריגט מען?
וואו קריגט מען? וואו קריגט מען?
אַ לאָקשן־ברעט אויף
קאַטשען די וואַרנישקעס? } 2
אַן הייון און אַן זאַלץ,
אַן פעפער און אַן שמאַלץ
אַ לאָקשן־ברעט אויף
קאַטשען די וואַרנישקעס?

געוואַלד, וואו נעמט מען?
וואו נעמט מען? וואו נעמט מען?
אַן אויוון אויף צו באַקן
די וואַרנישקעס? } 2
אַן הייון און אַן זאַלץ,
אַן פעפער און אַן שמאַלץ
אַן אויוון אויף צו באַקן
די וואַרנישקעס?
געוואַלד, געוואַלד, וואו נעמט מען?
געוואַלד, וואו קריגט מען?
וואו נעמט מען אַ ווייבל?
וואו נעמט מען אַ ווייבל?
אַ ווייבל אויף צו מאַכן
די וואַרנישקעס? } 2
אַן הייון און אַן זאַלץ,
אַן פעפער און אַן שמאַלץ
אַ ווייבל אויף צו מאַכן
די וואַרנישקעס?
געוואַלד, וואו?

# נישקאַ

פון יאָסל קאָטלער

טרעפט־זשע ווער ער איז!
איר קענט נישט?
טאָ כאַפּט נישט,
ס'ברענט נישט.

פרעגט זיך אַ פראַגע
וואָס אי'דאָס פאַר אַ פיש?
וועל איך אייך דערקלערן
וואָס ער איז ניש.

ער איז נישקאַ סטאָליר,
ער איז נישקאַ פּויער,
ער איז נישקאַ שניידער,
ער איז נישקאַ בויער.

ער איז „נישקאַ"
און פּאַרטיק.

און כאָטש ער איז נישט
אָט די אַלע זאַכן,
פונדעסטוועגן קען ער
אייך אַלצדינג מאַכן.

ווען אַ פּאָריער, לעמאָשל,
דאַרף מאַכן אַ פּעלץ:
נעמט ער אַ פּעלכל
און מאַכט עס.

ווען אָבער נישקאַ
דאַרף מאַכן אַ פּעלץ:
נעמט ער אַ פּעלכל
מיט אַ פּאָריער
און מאַכט עס.

ווען אַ שרייבער וויל שרייבן
אַן אָריגינעלע ליד:
נעמט ער אַ פּען
מיט אַ שטיקל פּאַפּיר
און מאַכט עס.

ווען נישקאַ וויל שרייבן
אַן אָריגינעלע ליד:
נעמט ער אַ שטיקל פּאַפּיר
מיט אַ שטיקל שרייבער
און מאַכט עס.

און וואָס מאַכט עס אויס
אַבי ער ווערט גרויס.

ער ערגערט זיך דערפון
אַפילו קיין האָר נישט,
ער מאַכט אייך אַלצדינג
און קענען קען ער
גאָרנישט.

## נישקאַ

אַליין גאָרנישט קענען
איז דאָך גאָרנישט שיין,
אָבער עסן, זאָגט מען,
קען ער אַליין.

פרעגט זיך אַ פראַגע
וואָס איז ער פאָרט ?
וואָס איז ער נישט ?
ער איז וואָס אין דער קאָרט :

אַ יאָגער, אַ זויפער,
אַ לאַקכן, אַ קויפער,
אַ כאַפער, אַ וויכער,
אַ נעמער, אַ קריכער,
אין דער רומענישער שול
איז ער אַ פּאָליטישן אַ שטיקל,
ער פאַרקויפט זיי
ריבוינעשעליילעמס
צוויי פאַר אַ ניקל.

ס׳גייט „נישקאַ״׳ן נישקאַשע.
עס לעבט זיך אים גלאַט.
ער איז גוואַלדיק צופרידן
וואָס די מאַמע האָט אים געהאַט.



## קינדערלאַנד

### פון סעם ליפּצין

(מעלאָדיע : „הוליעט, הוליעט קינדערלעך״)

קינדערלאַנד אַ צויבערלאַנד מיט פרייד פאַר קליין און גרויס,
שמידט פאַר אייך דאָס לעבן אויס כל זמן די זון איז הייס.

לוסטיג, פריילעך, קינדערלעך אין דעם קינדערלאַנד,
ליב עס איז דער שיינער זומער אין דעם צויבערלאַנד!

שעפּט אייך אָן מיט פרישע לופט, לעבן איז דאָך גוט,
בלויער הימל, גרינער גראָז, גיט צו נייעם מוט.

באָדט זיך אין דעם קלאָרן טייך, די זון זי באָדט זיך אויך.
אַ קלאָרער טייך, אַ ווארים זון גיט צו נייעם כוח.

שטיפט און לערנט קינדערלעך, דער מאָרגן פאַר אייך העלט.
מיט פרישע כוחות שעפּט זיך אָן, עס ווארט פאַר אייך אַ וועלט.

# דו פרעגסט מיך

ווערטער: אַברהם רייזען

דו פרעגסט מיך, מיין פריינט,
ווי אַלט איך בין שוין?
איך וואָלט עס דיר גערן דערציילט,
נאָר גלויב מיר, מיין פריינט,
איך ווייס ניט אַליין,
עס האָט ניט געלוינט זיך צו ציילן.

דער קאַרגער ציילט געלט,
דער גליקלעכער — טעג;
מע ציילט וואָס איז ליב, וואָס איז טייער.

מיין לעבן, אָ פריינט,
איז אַ וויסט לאַנגער וועג,
און פונקט פאַראַיאָרן ווי היי יאָר.

אויב לעבן הייסט ליידן,
דאַן לעב איך שוין לאַנג,
דאַן האָב איך גענוג זיי, די יאָרן.
אויב לעבן הייסט הערן
פון גליק כאָטש אַ קלאַנג,
דאַן בין איך נאָך ניט געבוירן.



# ווער קען אים, ווער ווייס אים?

(פון רוסישן)

ווען די זון פאַרגייט אין אָוונט,
שלייכט זיך אַ בחור ביי מיין הויז.
ווינקט צו מיר בלויז מיט די אויגן,
רעדט קיין איינציק וואָרט אַרויס.

וואָס קאָן דאָס באַדייטן
זיך ווינקען פון ווייטן? (3).

ווען איך קום צו אַ פאַרווילונג,
נאָר ער זינגט און נאָר ער לאַכט;
און ביים גזעגענען זיך ביים טויער,
ווערט ער אומעטיק פאַרטראַכט.

ווער קען דערקלערן,
זיין אומעטיק ווערן? (3).

כ'האָב צוויי בריוו פון אים דערהאַלטן,
עפּעס סודותדיק, פאַרשטעלט;
יעדע שורה איז פול מיט פינטלעך...
טרעף אַליין אויב דיר געפעלט!

ווער קען זיך דערקלייבן,
אין אַזאַ שרייבן? (3).

איך האָב ניט אָנגעהויבן טרעפן:
האָף אומזיסט ניט און ניט וואַרט!
דאָך מיין האַרץ איז מיר האָט עפּעס
אַזוי אָנגעצונדן געבאַרט! . . .

ווער בעט אים? ווער ווייסט אים?
אַז שרייבן ווער הייסט אים? (3).

# אונזער לאַנד

פון סעם ליפּצין

(מעלאָדיע פון „אָן די לאַין")

פון אונזער בלוט און שווייס איז דאָס לאַנד איצט גרויס,
מיר האָבן געבויט דאָס לאַנד!
געפירט די פּראַכט, געגראָבן אין שאַכט,
מיר האָבן געבויט דאָס לאַנד!

אונזער לאַנד! אונזער לאַנד! מיר האָבן געבויט דאָס לאַנד!
זאָג פעסט און האַרב: קעמף! נישט שטאַרב!
אונזערס איז דאָס לאַנד!

מיר האָבן קיין ברויט, קיין העמד, מיר זיינען זיי פרעמד,
מיר האָבן געבויט דאָס לאַנד!
פון אונזער שקלאַפן האָבן זיי רייכטימער געשאַפן,
מיר האָבן געבויט דאָס לאַנד!

געצייגן־באַנען, טעלעפאָנען, פאַר מיילן מיליאָנען,
מיר האָבן געבויט דאָס לאַנד!
געמאַכט פיינע אַנטיקן, טורעמס און בריקן,
מיר האָבן געבויט דאָס לאַנד!

איצט טיילט מען אונז נדבות, שפּייז סם־המות,
מיר האָבן געבויט דאָס לאַנד!
פאָדערט דירות, אַרבעט און שכירות!
מיר האָבן געבויט דאָס לאַנד!

## ברידער

פון מאַרטין בירנבוים

**קינדער, אָט וועל איך אייך זאָגן,**
**איינס, צוויי, דריי,**
**ווען דער נייער טאָג וועט טאָגן,**
**איינס, צוויי, דריי.**

**וועלן מענטשן זיין ווי ברידער,**
**וועט מען זינגען נייע לידער**
**איינס, צוויי, איינס, צוויי,**
**איינס, צוויי, דריי.**

**דאָס וועט זיין די שענסטע מעשה,**
**איינס, צוויי, דריי,**
**שוואַרצע, געלע, ברוינע, ווייסע,**
**איינס, צוויי, דריי,**

**דאַן וועט זיין פאַר אַלע פריידן,**
**סיי פאַר קריסטן, סיי פאַר יידן,**
**איינס, צוויי, איינס, צוויי,**
**איינס, צוויי, דריי.**

## אַ זמר'ל

לאָמיר אַלע זינגען, לאָמיר אַלע זינגען
אַ זמרל, אַ זמרל.
לחם איז ברויט, בשר ודגים
וכל מטעמים.

— זאָג זשע מיר, טאַטעניו: וואָס איז לחם?
— ביי די גרויסע גבירים
איז לחם אַ בולקע.
אָבער ביי אונדז, קבצנים, אוי, קבצנים:
איז לחם אַ דאַרע סקאָרינקע."
לאָמיר אַלע זינגען, אאַז"וו.

— זאָג זשע מיר, טאַטעניו: וואָס איז בשר?
— ביי די גרויסע גבירים
איז בשר אַ געבראָטענע קאַטשקעלע...
אָבער ביי אונדז, קבצנים, אוי, קבצנים!
איז בשר אַ דאַרע קישקעלע."
לאָמיר אַלע זינגען, אאַז"וו.

— זאָג זשע מיר, טאַטעניו: וואָס איז דגים?
— ביי די גרויסע גבירים
איז דגים אַ העכטעלע!
אָבער ביי אונדז, קבצנים, אוי, קבצנים!
איז דגים אַ געוועגזלטער הערינג.
לאָמיר אַלע זינגען, אאַז"וו.

— זאָג זשע מיר, טאַטעניו: וואָס איז מטעמים?
— ביי די גרויסע גבירים
איז מטעמים קאָמפּאָט!
אָבער ביי אונדז, קבצנים, אוי, קבצנים!
איז מטעמים געהאַקטע צרות.
לאָמיר אַלע זינגען, אאַז"וו.

# לאָמיר זיך איבערבעטן




לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
שטעל דעם סאַמאָוואַר, (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן } 2
זיי זשע נישט קיין נאַר. }

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
קויף אַ פּאָר מאַראַנצן, (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן } 2
לאָמיר גיין טאַנצן. }

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
וואָס שטייסטו באַ דער טיר? (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן } 2
גיב אַ קוק אויף מיר. }

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
האָב אויף מיר רחמנות. (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן } 2
כ׳האָב דיך ליב סכנות. }

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
כ׳בעט דיך זיי מיר מוחל. (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן } 2
גיב צו מיר אַ שמייכל. }

# ביים חתנ׳ס טיש

איך וועל אייך אָנהויבן צו דערקלערן,
וואָס פון איינס — קען אַלץ ווערן.
איינס איז ביים חתנ׳ס טיש,
וואו מען עסט און וואו מען טרינקט,
וואו מען הוליעט און מען זינגט —
יו־לאַ־לאַ, יו־לאַ־לאַ (4).

איך וועל אייך אָנהייבן צו דערקלערן,
וואָס פון צוויי קען אַלץ ווערן.
צוויי זיינען חתן־כלה,
וואָס זיי שטייען איבער אַלע.

איינס איז ביים חתנ׳ס טיש,
וואו מען עסט און וואו מען טרינקט,
וואו מען הוליעט און מען זינגט —
יו־לאַ־לאַ, יו־לאַ־לאַ (4).

דריי זיינען די מחותנים,
וואָס זיי ציילן די מזומנים.

פיר זיינען — די חופּה שטאַנגען,
חתן־כלה אַפּיר געגאַנגען.

פינף זיינען די כלי־זמרים,
וואָס זיי שפּילן — פאַר רייך און אָרעם.

זעקס זיינען די זעקס טעג,
וואָס מען טאָר ניט און וואָס מען מעג.

זיבן זיינען די שבע ברכות,
מען זאָגט צו נדן, מ׳גיט קדחות.
(זעקס, פינף, פיר ביז צו איינס.)

# Du, Du — דו, דו

ווערטער : עליזה גרינבלאַט




Ch'gei arum baim breg fun yam
Un zuch dich altz arum.
A shtile ch'valie murmlt koim
Der tzoiber fun dain shtim.
Du, du, fun ale tzarte blumen
Du, du, du, du, fun ale
maine troymen, du, du. } 2

כ׳גיי אַרום ביים ברעג פון ים
און זוך דיך אַלץ אַרום.
אַ שטילע כוואַליע מורמלט קוים
דער צויבער פון דיין שטים.
דו, דו, פון אַלע צאַרטע בלומען,
דו, דו, דו, דו, פון אַלע מיינע
טרוימען, דו, דו. } 2

Shpreiten zich di himlen ois
Het gantz vait avek,
Kumt a vintele tzugein
Un klapt on baim breg.

שפּרייטן זיך די הימלען אויס
העט גאַנץ אַוועק,
קומט אַ ווינטעלע צו גיין
און קלאַפּט אָן ביים ברעג.

Du, du, etc. . . .

דו, דו, א. א. וו.

Soidn zich di vintlech shtil
Mit getlechn gezang
Un in hartzn tif ba mir
Flatert a farlang.

סודן זיך די ווינטלעך שטיל
מיט געטלעכן געזאַנג
און אין האַרצן טיף ביי מיר
פלאַטערט אַ פאַרלאַנג.

Du, du, etc. . . .

דו, דו, א. א. וו.

Nemt main benkshaft
vintlech oif
Un trogt avek a grus
Zogt im az ich benk azoi
Ch'gei fun benkshaft ois.

נעמט מיין בענקשאַפט ווינטלעך אויף
און טראָגט אַוועק אַ גרוס,
זאָגט אים, אַז איך בענק אַזוי
כ׳גיי פון בענקשאַפט אויס.

## דעם אָרעמאַנ׳ס „אַקדָמות"

1. אַקְדָמוּת מִלִּין וְשָׁרָיוּת שׁוּתָא • אַוְלָא שָׁקִילְנָא הַרְמָן וּרְשׁוּתָא ••

2. אלף — אינדיקעס — עסט דער נָגיד • בית — ביינדעלאך — גריזשעט דער אָרעמאַן ••

3. גימל — געגדזלאך געבראָטענע — עסט דער נגיד • דלד — דעם דַלות — האָט דער אָרעמאַן ••

4. הֵיי — הינדלאך געפּרעגלטע — עסט דער נגיד • וואָוו — וויטיקן — האָט דער אָרעמאַן ••

5. זַייען — זעמל מיט פּוטער — עסט דער נגיד • חעס — חַלאַת׳ן — האָט דער אָרעמאַן ••

6. טעס — טייבעלאך געבראָטענע — עסט דער נגיד • יוד — יסורים האָט דער אָרעמאַן ••

7. כאָף — כאַלאַשן — טראָגט דער נגיד • לאַמעד — לאַפּ־טיעס — טראָגט דער אָרעמאַן ••

8. מעם — מַשקה — טרינקט דער נגיד • נון — ניכטער — איז דער אָרעמאַן ••

9. סאַמעך — סאַמעטענע קליידער — טראָגט דער נגיד • עַיין — עלנד — איז דער אָרעמאַן ••

10. פֵּיי — פּופּקעס געבראָטענע — עסט דער נגיד • צַדיק — צָרות האָט דער אָרעמאַן ••

11. קוּף — קאָטליעטן געפּרעגלטע — עסט דער נגיד • רייש — רעטאַך — גריזשעט דער אָרעמאַן ••

12. שין — שערעשעווסקי׳ס פּאַפּיראָסן — רויכערט דער נגיד • תאָוו — תּוטין — פּיפּקעט דער אָרעמאַן •••

## כ'וועל שוין מער נישט גנב'ענען

1. פלי־זשע, מיין פויגעלע, אוי, העכער פון אלע • און גיב־אפ א גרוס מיין ליבער כּלה • אז כ'וועל שוין מער נישט גנב'ע־נען, גנב'ענען, גנב'ענען • כ'וועל שוין מער נישט גנב'ענען • נאר דאס מאל און נאך איין מאל • •

2. פלי־זשע מיין פויגעלע, אוי, העכער און העכער • דעם ערשטן פאטשין — א גאלדענעם בעכער • און מער וועל איך נישט גנב'ענען, גנב'ענען, גנב'ענען • מער וועל איך ניט גנב'ענען, נאר דאס מאל און נאך איין מאל • •

3. רבונו של עולם, אוי, מאך מיך נישט צום נאר • דעם צווייטן פאטשין — א נאקלאדנעם סאמאוואר • און מער וועל איך נישט גנב'ענען . . . א.א.וו. • •

4. רבונו של עולם, דו ביזט דאך א גוטער • טא העלף־זשע מיר פאטשאפען א פייענעם פוטער • און מער וועל איך נישט... א.א.וו. • •

5. רבונו של עולם, אוי, האב אויף מיר רחמנות • און שיק מיך נישט אן צו ארעמע אלמנות • און מער וועל איך נישט... א.א.וו. • • •



# דער נייער „שער"

1. כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ רבֿ, קען איך ניט קיין תּוֹרָה • כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ סוֹחֵר, האָב איך ניט קיין סחוֹרָה • כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ מלַמד, קען איך ניט קיין אַלף • כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ שוחט, האָב איך ניט קיין חַלף • כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ שַדכָן, פיר איך קיינעם ניט צו־זאַמען • כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ בַּדחָן, קען איך ניט קיין גראַמען • •

(צוזינג): טאַ שפּילט־זשע מיר דעם נייעם שער, וואָס איז היינט אַרויסגעקומען • כ'האָב זיך פאַרליבט אין אַ מיידעלע, און קען צו איר ניט קומען • כ'וואָלט צו איר געגאַנגען, וואוינט זי זייער ווייט • כ'וואָלט דאָך איר אַ קוש געטאָן, שעם איך זיך פאַר לייט • אוי, נישט אַזוי פאַר לייטן, ווי פאַר גאָט אַליין • טאַ גיב־זשע מיר דאָס פּיסקעניו, אַז קיינער זאָל ניט זען • •

2. כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ בעקער, האָב איך ניט קיין לאָ־פּעטע • כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ שוסטער, האָב איך ניט קיין קאָפּעטע • כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ בעדער, האָב איך ניט קיין באָד • כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ באַלעגאָלע, האָב איך ניט קיין ראָד • כ'וואָלט געוואָלט מאַכן „הַמוֹציא," האָב איך ניט קיין חַלָה • כ'וואָלט געוואָלט ווערן אַ חתן, האָב איך ניט קיין כַּלָה • • (צוזינג) • • •





## האָפּ־טשיק־טשאַק

בין איך מיר אַ חסידל, אַ פריילעכע בריאה,
בין איך מיר אַ חסידל, און אַ שום פּניה.
בין איך מיר אַ חסידל, אַ חסידאַק —
טאַנץ איך מיר אַ פריילעכן האָפּ־טשיק־טשאַק!

הערינג מיט ברויט איז ביי מיר אַ מאכל,
אַבי זאָל איך שטופּ זיך אין די בייכל.
און קאַרטאָפליעס פאַר אַ פּיטאַק —
טאַנץ איך מיר אַ פריילעכן האָפּ־טשיק־טשאַק!

שרה מיין ווייב זי זאָגט צו מיר:
נישטאָ אויף שבת אַ קלאָג צו דיר.
גיי איך און פאַרזעץ מיין אַלטן קאַפּטינאַק —
טאַנץ איך מיר אַ פריילעכן האָפּ־טשיק־טשאַק!

חיהקע מיין עלטערע בתולה זי זאָגט צו מיר:
ווען וועט שוין קומען מאַמע די צייט אויף מיר?
גיב מיר אַ חתן מיט אַ קורצן פּידזשאַק —
טאַנץ איך מיר אַ פריילעכן האָפּ־טשיק־טשאַק!

שווייג מיין טאַטעמערקע, זאָג איך צו איר,
די וועסט שוין באַלד הייסן מיטן נאָמען שניר.
דיין שוויגער וועט זיין אַ גרויסער שלאַק —
טאַנץ איך מיר אַ פריילעכן האָפּ־טשיק־טשאַק!

# WE SHALL OVERCOME




We shall overcome,
We shall overcome,
We shall overcome some day.
Oh, deep in my heart, I do believe,
We shall overcome some day.

We'll walk hand in hand,
We'll walk hand in hand,
We'll walk hand in hand some day.
Oh deep in my heart, I do believe,
We shall overcome some day.

The truth shall make us free,
The truth shall make us free,
The truth shall make us free,
some day,
Oh, deep in my heart, I do believe,
We shall overcome some day.

The Lord will see us through,
The Lord will see us through,
The Lord will see us through
some day.
Oh, deep in my heart, I do believe,
We shall overcome some day.
WE SHALL OVERCOME . . . . .

We shall live in peace,
We shall live in peace,
We shall live in peace, some day,
Oh, deep in my heart, I do believe,
We shall overcome some day.

We are not afraid, we are not
afraid,
We are not afraid today.
Oh, deep in my heart, I do believe,
We shall overcome some day.

The whole wide world around,
The whole wide world around,
The whole wide world around,
some day.
Oh, deep in my heart, I do believe,
We shall overcome some day.





all a-gree, We all lis - ten speak, com-pare, All have diff' - rent thoughts to
share. Diff' -rent, diff-' rent, yet the same, When we want to play a game
We must all ac- cept the rules Though we come from diff-' rent schools.
We are peo -ple you are I, Like the peo- ple pass- ing by, Same but diff'-rent,
diff -' rent, same, My name's E - dith, What's your name? My name's E-
dith, What's your name?

# WE ARE PEOPLE *

*by Edith Segal*

We are people, you and I,
Like the people passing by,
We're alike, but different too,
*I* am *I*, and *you* are *you*.

We are all one family,
Light or dark, as it may be.
All are equal on this earth
When we measure human worth.

All of us have eyes to see,
I see you and you see me,
All of us have hands to feel,
Mine can tell that you are real.

All of us have feet that go,
Footprints in the sand will show
Each is different, each our own,
By our footprints we are known.

We all laugh when we feel gay,
Each one laughing his own way,
Some laugh low and some laugh high,
Some as if they're going to cry.

We all eat, but some might not
Like the taste of apricot.
Should we taste an oyster stew
I might like it more than you.

We all think, but separately,
And we needn't all agree,
We all listen, speak, compare,
All have different thoughts to share.

Different, different, yet the same;
When we want to play a game
We must all accept the rules
Though we come from different schools.

We are people, you and I,
Like the people passing by,
Same but different, different-same,
My name's **Edith*, what's *YOUR* name?

**Please say your own name.*

* From *Come With Me* by Edith Segal, Citadel Press, New York City



# WE ARE PEOPLE

**Poem: by EDITH SEGAL**

**Music: by MADELINE SIMON**

I am I I am I You are You. You are You. We are We.

We are peo - ple you and I, Like the peo- ple pass-ing by, We're a-like but

diff-'rent too, I am I and you are you. We are all one fa - mi- ly,

Light or dark, as it may be, All are e-qual on this earth When we mea - sure

hu- man worth. All of us have eyes to see, I see you and you see me,

All of us have hands to feel, Mine can tell that you are real.

All of us have feet that go, Foot prints in the sand will show Each is diff-'rent

each our own, By our foot- prints we are known. We all laugh when we feel gay,

Each one laugh-ing his own way, Some laugh low and some laugh high,

Some as if they're going to cry. We all eat but some might not

Like the taste of ap-ri-cot. Should we taste an oy-ster stew, I might like it

more than you. We all think, but sep'-rate-ly, And we nee - dn't

## THE STAR SPANGLED BANNER

Oh! say, can you see,
By the dawn's early light,
What so proudly we hail'd
At the twilight|s last gleaming!
Whose broad stripes and bright stars
Thro' the perilous fight,
O'er the ramparts we watch'd
Were so gallantly streaming.
And the rockets' red glare,
The bombs bursting in air,
Gave proof thro' the night
That our flag was still there
Oh! say, does that Star Spangled Banner yet wave,
O'er the land of the free,
And the home of the brave!

## THE PARTISAN HYMN

By HERSH GLICK Translated by AARON KRAMER

Never say that there is only death for you,
Though leaden skies may be concealing days of blue—
Because the hour that we have hungered for is near;
Beneath our tread the earth shall tremble: We are here!

From land of palm-tree to the far-off land of snow
We shall be coming with our torment and our woe,
And everywhere our blood has sunk into the earth
Shall our bravery, our vigor blossom forth!

We'll have the morning sun to set our day aglow,
And all our yesterdays shall vanish with the foe,
And if the time is long before the sun appears,
Then let this song go like a signal through the years.

This song was written with our blood and with lead;
It's not a song that birds sing overhead.
It was a people, among toppling barricades,
That sang this song of ours with pistols and grenades.

So never say that there is only death for you.
Leaden skies may be concealing days of blue—
Yet the hour that we have hungered for is near;
Beneath our tread the earth shall tremble: We are here!